# שפיגעל פון לעבען

פון

דוד דרובין

●

אויגוסט — 1939

מאָנטרעאל, קאַנאַדע

נאָכדרוק פאַרבאָטען

# פאָרוואָרט

זייענדיג אַ תושב אין מאָנטרעאָל איבער דרייסיג יאהר; שטעהענדיג אין נאָהענטע פאַרבינדונג מיט פילע אָרגאַניזאַציעס, האָב איך געפונען פאַר נויטיג, אַז מיינע טויזענטער גוטע פריינט זאָלען זיך קענען זייער אייגענעם לעבען אָפּשפּיגלען אין מיין אַרויסגעגעבען בוך — דער „שפּיגעל פון לעבען״, וואו פאַרשידענע טיפען און בילדער פון דער אַלטער היים מאַכט צום דערמאָנען די פאַרגאַנגענע יוגענט און מאַכט צוריק אויפבליהען דאָס זיסקייט פון די קינדער־יאהרען, וואו יעדער האָט פאַרבראַכט זיך אינ׳ם קליינעם שטעטעלע.

עס איז געוויס פאַר מיר אַ פרייד! און צו מיינע צאָהלרייכע גוטע פריינט וויל איך אויסדריקען מיין דאַנק פאַר זייער ערמוטיגען מיך מיט׳ן אַרויסגעבען מיין בוך, וואָס וועט שאַפען אַ גייסטיגען פאַרגעניגען צו יעדען וואָס וועט איהם לייענען.

דוד דרובין.

# אַ דאַנק

איך דריק אויס אַ האַרציגען דאַנק צו מיינע גוטע פריינט און אָרגאַניזאַציעס פאַר זייער אָפּרוף וועגן אַרויסגעבען מיין בוך. זייערע נעמען ווערן דאָ דערמאָנט:

וויקטאָריא סאָסייעטי
קינג דזשאָרדזש סאָסייעטי
וויקטאָריא ליידיס אָקזילערי
ראָסלאַנד אָקזילערי
אברהם שוואַרץ
ל. פּיטש, ק.ס., מ.פּ.
ס. א. בערטראַנד, מ.פּ.
אָלד. י. סיגלער.
אָלד. י. שובערט
האַרווי גאָלדין
הערי קאַרנבליט
דזש. מאַגיד (האָליוואוד, קאַל.)
פּ. ח. בערקאָוויץ (באָסטאָן)
קליף (דעטראָיט)
ר. דרובין (טאָראָנטאָ)
ב מאַלקאָף
ח עטקאָוויץ
ר. סאַנדערס
האַרן ברידער
א.איידעלמאַן
וו. גאָלפמאַן
ס. טאַרנאָפּסקי
ז. ס. קראַכמאַלניק
מ. קופּערבערג
ס. סאָלאָמאָן
מ. שאָטאָן
ד. קליינס
דזש. שטערענטהאָל
ב. ראָזען
יעקב שניידערמאַן
ה לובין
מ בלאָך
ל, גאָלד
הערי ראָזענפעלד
דוד ברוקמאַן
סעם ראָזענפעלד
י. בראַנד
י. אַראַנאָוו
י. קאַטלער
הערי גלאָזבערג
זלמן ווייזער
ה. גראַנאָפּסקי
ש. גאַמער
ל. סינגער
דזשעק באָגאַנטע
ס. גראָס
מ. אַבראַמסאָן
קיק קאַמפּ.
א. עטינסאָן
ד. זאַלאָוו
א. פיינבערג
סאָסייעטי פאָטאָ סטודיאָ

# אינהאַלט

זייט


די ברונעטקע — 9
דער מאַמע׳ס נחת — 13
טוביה דער זינג־פויגעל — 16
אַ אידישער פּאַרלאַמענט — 20
דעם רבּי׳נס אייניקעל — 23
אַן אָנגעלעגטער גאַסט — 29
אַן אייגען ווינקעל — 35
ניט ווי בּיים רבּי׳ן — 39
ליבּע בּלייבּט יונג — 43
זיין ליבּע דערגרייכט — 46
אַ מאַמע׳ס האַרץ — 51
זיין פאַרלוירענער גן־עדן — 52
ישראל׳יק „בּלאָנדזשעט אַרום“ — 58
אָהן קינדער — 59
די גאָלדענע קייט — 64
ווער קען פיהלען אַ מאַמע׳ס האַרץ? — 65
אַ פּאַסירונג אין לאַזאַרעט — 68
יאָהרען לויפען — 72
„אָווערטאַים“ — 73
די צעלעכערטע לימענע — 76
אַ בּריוו פון אַן אַנטלאָפענעם סאָלדאַט — 79
„פּאַפּיניו“ — 82
געהענדיג אין בּית מדרש — 84
יוניאָן ־ בּרויט — 87
הקפות בּיים ווינט־מיהל — 88
חנוכה ־ לאַטקעס — 92

# די ברונעטקע

(אַ בילד)

אויף מיין באַזוך אין לאָס אַנדזשעלעס האָט מיך פּאַראינ־טערעסירט צו באַזוכען דעם דאָרטיגען סאַנאַטאָריום. ווען דער דאָקטאָר, מיינער אַ נאָהענטער באַקאַנטער פון מיין פריהסטער יוגענט, האָט מיך איינגעלאַדען דורכצוקוקען די פּאַציענטען, איז מיין בליק געפאלען אויף אַ מיטעליעהריגען יונגענמאַן, וואָס האָט מיר געדוכט צו זיין עהנליך צו איינעם, וואָס איך האָב אמאָל געקענט. ליידער איז עס געווען א טעות.

איך האָב דעם דאָקטאָר געלאָזען און זיך צוגעשפּאַרט אויף דער בעטעל פון דעם פּאַציענט און מיט איהם אַ שמועס פאַר־פיהרט.

רעדענדיג מיט׳ן יונגענמאַן, איז מיין בליק אַלע מאָל גע־פאלען אויף אַ קליין בילד וואָס ער האָט יעדע ווייל פון זיין בוזים־קעשענע אַרויסגענומען און באַטראַכט.

ווען איך בין מיט איהם אריין טיפער אין שמועס, האָב איך איהם אויפמערקזאַם געמאַכט וועגען זיין צו אָפטען קוקען אויף דעם קליינעם בילד.

דער יונגערמאַן האָט אַ שווערען זיפץ געטאָן און מיר גענו־מען דערצעהלען זיין פאַרגאַנגענע איבערלעבונג.

— נאָך זייענדיג אַ קליין אינגעל — פאַנגט דער יונגערמאַן מיר אָן צו דערצעהלען — האָבען מיך מיינע עלטערען אַהער, קיין אַמעריקע, געבראַכט און זיך באַזעצט אין פּראָווידענס.

מיינע עלטערען האָבען מיך געשיקט אין סקוהל און געקלי־בען פיל נחת פון מיין לערנען, דענקענדיג אַז פון מיר וועט אַמאָל אַ זעהר גרויסער מענש אויסוואַקסען.

ווען איך האָב געענדיגט קאָלעדזש און שיער אַליין קיין דאָקטאָר ניט געוואָרען, האָט מיין געדאנק מיר גענומען דיקטירען,

אַז דאָקטוירים זייַנען שוין אַהין מיר אויך אַ היבש ביסעל פּאַראַן. און איך בין געוואָרען אַ טראַוולינג סיילסמאַן.

די ערשטע צייט האָבען מייַנע פּאַרדינסטען זעהר פיל ארויס־געהאָלפען מייַנע עלטערען. ווייל אין יענע יאָהרען האָט אין אונזער שטאָט זיך באַוויזען אַ שטיקעל קריזיס, און מייַנע עלטע־רען ווי אויך מייַנע צוויי שוועסטער האָבען זיך כמעט ווי מפרנס געווען מיט מייַנע פּאַרדינסטען.

שפּעטער צו האָט מיין פאָטער פאַרלוירען דעם גאַנצען צור־טרויען צו די אַמעריקאַנער גליקען, און זיך געבעטען ביי מיר איך זאָל איהם זעהן ערמעגליכען צו פאָהרען צוריק אין זיין שטע־טעל, קיין אונגאַרן. איך האָב געזעהן ווי ער געהט איין פון טאָג צו טאָג, האָב איך איהם מיט דער מאמען מייַנער אַרויס־באַגלייט צוריק אין זיין אַלטער היים. איך מיט מייַנע דער־וואַקסענע צוויי שוועסטער זייַנען פאַרבליבען אין פּראָווידענס.

בלייבענדיג אַליין דער גאַנצער פאַרזאָרגער זייערער, איז מיר מיט דער צייט געלונגען אויסצוזוכען אַ גאַנץ פייַנעם בחור פאַר מיין שוועסטער, די צווייטע פון מיר. מיין שוועסטער׳ס חתן זייענדיג ביי זייַנע קאַזינס אין פּראָווידענס, האָט זיך צופע־ליג מיט אייַנער פון מייַנע שוועסטער באַקאַנט און זיי האָבען זיך פאַרליבט — איידער מיר האָבען באַשטימט עפּעס צו אַראַנ־זשירען — איז ביי מיר געבליבען — שוין נאָך דעם ווי מיין שוועסטער׳ס פרייַנט איז אַפּגעפאָהרען, צו אויסזוכען דעם אמת פון זייַנע רייד. לויט ווי ער האָט זיך אַנגעגעבען אַז ער אליין וואוינט אין קובא, און האָט פאַר זיך דאָרט אַ גוט־געהענדע ביזנעס.

איך האָב מיך רייזע פאַרטיג געמאַכט אין וועג, געלאָזט מייַנע צוויי שוועסטער אויף הוצאות, און זיך געלאָזען פאָהרען קיין קובא אויסצופאָרשען וועגען מיין שוועסטער׳ס באַי.

פאַר׳ן אָפּפאָהרען האָב איך פּונקט ביי זיך געהאַט עטליכע טויזענט דאָלער, כמעט מיין גאַנצע געלט. געדענקט אַזאַ רייזע, אפשר טאָקע אַ פּלאַן פאַר מיר דאָרט צו בלייבען, און דאַן מייַנע שוועסטער אַהין צו ברענגען.

פאַהרענדיג אין באַהן, פאַרשטעהט זיך, אַז פון פּראָווידענס ביז קובאַ איז היבשלאַך ווייט, האָב איך געזוכט מיט אימיצען צו שליסען באַקאַנטשאַפט, און איך האָב געפונען.

קעגענאיבער מיין פּלאַץ האָט זיך אויך געזעצט אַ יונגע פריילין, אַ ברונעטקע, מיט צוויי שוואַרצע אויגען, מיט חן־גריבעלאַך, און תמיד געשמייכעלט. איהרע אויגען האָבען זיך יעדעס מאָל באַגעגענט מיט מיינע נאַאיווע בליקען. האָבען מיך ממש געבריהט ווי מיט נאָדלען. איך האָב אין יענעם מאָמענט כמעט ווי פאַרגעסען אַז מיינע וויכטיגע שליחות, צוליב וואָס איך פאָהר, און זיך אַלץ מעהר גענומען אַנקלאַמערען אין איהרע שאַרף־ברענענדיגע שוואַרצע אויגען.

פון אַנפאַנג האָב איך די זאַך ניט גענומען אַזוי ערנסט. נאָר ווען מיר זיינען אַלץ טיפער אין דער נאַכט אריינגעפאָהרען, האָט אונזער נאָהענטקייט און גוט באַקאַנטשאַפט גענומען ווי פון זיך אליין וואַקסען.

דער יונגערמאַן האָט ביי זיין ווייטערדיגען דערצעהלען, אַ שטאַרקען הוסט געטאַן, און אויסגעשפּיגען אין דער באַקסעלע, וואָס ער האָט ביי זיך געהאַלטען און עס שנעל צוגעמאַכט. איך האָב אָבער מיינע בליקען פון איהם ניט אראָפּגעלאָזען און זיך צוגעהערט צו זיינע ווערטער.

— און מיר זיינען געפאָהרען ווייטער — געהט ער אָן מיט זיין ערצעהלונג. — איך האָב מיט דער ברונעטקע פאַרפיהרט אַ שמועס — און זי האָט מיר גענומען דערצעהלען, אַז זי אליין וואוינט אין מעקסיקאַ, נאָר דורך אַ צופאַל איז איהר אויסגע־קומען צו זיין דאָ צו גאַסט ביי איהרע באַקאַנטע און יעצט פאָהרט זי צוריק אהיים. ווען איך האָב איהר דערצעהלט וואוהין איך פאָהר, האָט זי מיר גענומען ברענען מיט איהרע שאַרפע בליקען, אַז איך בין פון איהר ווי פאַרכאַפּט געוואָרען.

אין אונזער ווייטערדיגער נסיעה, האָט זי ביי מיר אַלץ אויסגעפאָרשט וועגען וואָס איך פאָהר, און אַפילו וויפיל געלט איך פיהר מיט זיך, און אין מיטען מיין אויסדערצעהלען, האָט זי זיך צו מיר ערקלעהרט אין ליבע, און אַרויסגענומען אַ קליינע

בילד און מיר געשאנקען. דערביי האט ער ארויסגענומען דאס קליינע בילד פון בוזים קעשענע, עס מיר געוויזען און זיך שטארק פאנאנדערגעהוסט.

— איך בין געווארען ווי צוגעשמידט צו דער ברונעטקע — דערצעהלט ער מיר ווייטער — און מיר זיינען אזוי געפאהרען און געווארען שטאק היימיש. איך בין ביי יעדען סטיישאן ארונטער אום איהר עפעס צו ברענגען. ווער איז דאן געווען אזוי גליקליך ווי איך?

א פאר סטיישאנס פאר איהר אראפשטייגען, בין איך ווי פאר׳שיכור׳ט פון איהרע ברענענדיגע אויגען, איינגעדרעמעלט. ווען איך האב מיך שפעטער ערוואכט, איז שוין פון דער ברונעטקע קיין שפור ניט פארבליבען, און צוזאמען מיט איהר איז אויך מיין באגאזש, ווי אויך מיינע שווער פארדינטע פאר טויזענט דאלער פארשוואונדען!

זעהענדיג ווי פון אויפרעגונג, פון פארדרוס און שטארקע ליבשאפט צו דער מיידעל, וואלט ער געקענט באקומען א העמערידזש, האב איך איהם מעהר ניט געוואלט לאזען ענדיגען, ווייל מיין פריינד דער דאקטאר, צוריקגעהענדיג פון די אנדערע פאציענטען, האט מיר א וואונק געטאן איך זאל דעם יונגענמאן צו־רוה לאזען.

אין אפגעהאקטע ווערטער האט ער מיר בלויז פארענדיגט, אז פון זיינע ווייטערדיגע פלענער האט זיך גארניט אויסגעלאזען, און פון דער גאנצער געשעהעניש איז ער קראנק געווארען, און דורך דער הילף פון גוטע מענשען האט מען איהם אריינגענומען אין סאנאטאריום.

ער האפט נאך געזונט צו ווערען, און דורך דער קליינער בילד, וואס איז איהם אזוי ליב און טייער, האפט ער נאך צוריקצוקריגען זיין געליבטע וואס האט איהם בארויבט סיי פון זיין אפגעשפארטער הארעוואניע — און פאראורזאכט זיין יעצטיגע אנשטעקענדיגע קראנקהייט.

# דער מאַמע׳ס נחת

אַנטקעגען דעם וואָס איהר זאָגט היינטיגע קינדער — מאַכט צו מיר אַ אידינע, זיצענדיג אין האַרנ׳ס רעסטאָראַן. איהר זעהט דאָס בלאַנדע מיידעלע — דאָס איז מיין אייניקעל, פאַרבליבען בירושה פון מיין איין־און־איינציגער טאָכטער! איהר מעגט עס אויסהערען, עס וועט זיין זעהר אינטערעסאַנט:

איך אַליין, מיין ליבער פריינד, בין ניט אַזוי אַלט ווי איך זעה אויס. נאָר די צרות האָבען מיר אַזוי געמאַכט. זינט איך בין דאָ, נאָך קיין גוטען טאָג ניט געהאַט. איך אַליין בין שוין אין מאַנטרעאָל אַ וואָסערע דרייסיג יאָהר. געוואוינט אַלע מיי־נע יאָהרען אין קעדזשי סטריט — ביז גאָט האָט מיר געהאָלפען זיך אַביסעל אַרויפגעאַרבייט — און זיך אַרויסגעקליבען אין אוי־טרעמאָנט. געוואוינט אין זעהר אַ שעהנער וואוינונג. מיין מאַן איז געווען אַ גרויסער ביזנעסמאַן, און אַלעמאָל געמאַכט אַ שעהן לעבען, ערצויגען זעהר שעהנע קינדער, זיי געשיקט שטודי־רען און געקליבען אַ סך נחת!

אָבער ווען אַלץ זאָל מיט׳ן מענשען גוט געהן — וואָס־זשע וואָלט געפעלט? מאַכט זיך אַ געשיכטע, או צו מיין בת־יחידה הויבט אָן אַריינצוקומען אַ באָי. וואָס ווייסט אַ מאַמע? אַ באָי קומט אַריין, מיר דאַכט, דער פאַרגעניגען איז ניט אַפּצושאַצען, און איך און מיין מאַן זענען געווען ממש אין זיבעטען הימעל.

עפּעס אַ קלייניגקייט אַן איין־און־איינציגע טאָכטער! און איידער מען ציהט עס אויף — ווייסען דאָך יעדע טאַטע־מאַמע ווי גרינג עס קומט אָן.

און אַזוי געהען אַוועק וואָכען און חדשים, און מיין טאָכטער קלויבט גרויס פאַרגעניגען. תמיד אַזוי פאַרנומען געווען. איהר לעבעדיגקייט און רירעוודיגקייט האָט גאָר קיין שיעור ניט גע־

האט. מיין מאן, זיצענדיג כסדר פארנומען אין זיינע געשעפטען, איך א מאמע תמיד פארנומען מיט סאסייעטיס, ארויסגעהאלפען מיין מאן אביסעל — וואס־זשע זאל איך וויסען וואס אונטער מיינע פלייצעס געהט אן? איך הויב מיך ביסלעכווייז אן צו־צוקוקען צו מיין טאכטער און זעה, א זי איז ניט די זעלבע. איך הויב אן מיט איהר צו רעדען, זיצט זי די אויגען אראפגע־לאזט, פארטרויערט און האלט אין איין זיפצען. וואס איז מיט דיר מיין קינד? פאנגט זי אן צו וויינען, פאלט מיר אויף דעם האלז און צעכליפעט זיך פונקט ווי א קליין קינד. איך הויב זי אן אויסצופרעגען, וויינט זי — און דערצעהלט . . .

— מאמע, כליפעט זי, דארפסט מיך פארשטויסען פון זיך. איך בין אן אפגענארטע, א פארלוירענע.

זי דערצעהלט מיר אויס איהר ביטער הארץ, אזוי ווי פאר א מאמע, אז אינגיכען דארף זי מוטער ווערען. איך דריק זי צו מיין הארצען. — ווארום האסטו געשוויגען ביז איצט? — פארוואס פארלייקענט פאר דער מאמען? — פון א מאמען טאר מען ניט פארלייקענען! אבער שוין צו שפעט . . .

איך געה מיט איהר צו א דאקטאר, געוואלט דער מאמע׳ס שאנדע פארדעקען. איך בעט זיך ביים דאקטאר: דאקטאר, טוט דאס בעסט און זעהט ניט צו פארפלעקען מיין נאמען! דער דאקטאר האט זי באהאנדעלט עטליכע מאהל, און פאר דער צייט האט זי געבוירען א קינד.

איהר קענט זיך פארשטעלען דער מאמע׳ס גרויסען נחת — א פריהצייטיג אייניקעל. וויפיל טרערען איך האב פארגאסען!

אבער דאך א מאמע, וואס דען בלייבט מיר צו טאן? עס האט ניט גענומען לאנג. נאך די אלע טריטמענטס, וואס מיין טאכטער האט באקומען, האט זי געמוזט די ליכטיגע וועלט פאר־לאזען אויף אייביג. מיין מאן, איז קראנק געווארען פון שאנדע און אויפרעגעניש און געשטארבען. מיין טאכטער׳ס געליבטער, דער פארפיהרער איהרער, איז ווי אין וואסער אריין. און איך, עלענדע מאמע, האב געמוזט אויסהאדעווען מיין אייניקעל. די געשעפטען זענען מיט דער צייט ליקווידירט געווארען. איך בין געבליבען פארארימט און אויסגעמאטערט, צעבראכען פון שאנדע

און רואינירט פון לעבען. פיר איך מיר שוין אזוי ארום עטליכע יאהר מיט מיין אייניקעל, די בלאנדע מיידעלע. אויף די עלטערע אהרען א דינסט ביי יענעם. וואו צו לאזען האב איך זי ניט, און אין אנשטאלט ניט געוואלט אריינגעבען. און אט אזוי ווי איהר זעהט, אומעטום וואו איך קריג ארבייט, נעם איך זי מיט מיט זיך. און דאס איז מיר פארבליבען בירושה פון מיין גאט־זעליגער טאכטער, און צו פארדאנקען דעם, וואס טעכטער פאר־לייקענען פון דער מאמע.

און אט אזוי ווערען בלינד פארפירט אומשולדיגע, יונגע טעכטער דורך זייערע פאלשע אפגענארטע ליבעס. און דער מא־מע'ן פארבלייבט אן אייביגער שאנד־פלעק אויף אלע איהרע יאה־רען. וואס דען זאל א מאמע טאן? א אידישע מאמע איז דאך דערצו געבוירען.

איך בעט אייך, מיין טייערער פריינד, שרייבט דאס אין אייער פייפער. ווארענט די אידישע טעכטער ניט צו פארליי־קענען קיין סודות, נאר דערצעהלען — און דערצעהלען אין צייט. דאן וועלען א סך אידישע היימען ניט צעבראכען ווערען און יונגע קינדער וועלען ניט דארפען פאר דער צייט פון דער וועלט געהן, או דער מאמע'ס הארץ וועט ניט דארפען טראגען דעם אייביגען שאנד־פלעק.

אט דאס הייסט נחת פון קינדער! ווער עס וויל זעהן שלעכטס אין מיר, זאל צו מיין הארץ קומען. וואס־זשע, מאכט צו מיר די אידענע, איהר ווייגט אויך? אבי איך האב געמיינט, אז מענער האבען קיין הערצער ניט, נאר א מאמע האט טרערען. טא זייט־זשע מיר געזונט מיין פריינד און האט קיין פאראיבעל ניט, וואס איך האב אייך פארשאפט עגמת־נפש. דאס האט זיך א מאמע אפגערעדט אביסעל פון הארצען, צו דעם גרויסען נחת וואס איך האב גאר דערלעבט. האט מיר א גוטע נאכט, האט מיר!

# טוביה דער זינג־פויגעל

ווער האָט ביי אונז אין שטעטעל ניט געקענט „טוביה דעם וואַסער פיהרער״. מיר דוכט, אַז אַלע, פון קליין ביז גרויס, האָבען איהם געקענט. פון ווייבער איז דאָך אפגערעדט.

טוביה האָט געפיהרט וואַסער מיט אַן אויסרעכנונג: אַ גאַנצע וואָך געפיהרט וואַסער, פון „כעלות השחר״ ביז העט טיף אין דער נאַכט אריין. און אַזוי יעדען טאָג פון דער וואָך. דערפאַר אַבער, אַז עס פלעגט קומען ערב שבת, איז טוביה געוואָרען אַן אַנדער טוביה. באַקומען גאָר אַן אַנדער אויסזעהן. איבערגעטאַן זיינע וואַכעדיגע מלבושים, אַנגעצויגען זיין אילוסטרינענע קאַפּאָטע, זיך ענג אַרומגעגאַרטעלט, די הויזען איבער די כאַלעוועס פון די שטיוועל, גאַנץ טרוקען אַרומגעווישט די נאָפּט פון זיי. מיט׳ן סאַמעטענעם קאַרטוז אויפ׳ן קאָפּ, דאָס רויטע קאַלירטע טיכעלע כמעט האַלב ארומגעבונדען אַרום האַנט. זיין ראַסיאָווע באָרד צוקעמט, אויסגעשפּיצט זיינע צוויי וואָנצעס, זיי צוצויגען וויפיל עס האָט זיך נאָר געלאָזט, מיט ביידע הענט פאַרלעגט אויף הינטען, זיך געלאָזען געהן אין קלויז.

דער גאַנצער וועג וואָס האָט געפיהרט ביז צום קלויז האָט פאַר טוביה׳ן געהאט אַ גאַנץ באַזונדער אויסזעהן. יעדע זאַך באַטראַכט מיט אַן אויסרעכנונג פון קלאָהרען געפיהל. אַלס האָט איהם געשיינט צו אויסקוקען ווי ניי, פונקט ווי יעדער זאַך וואָלט נאָר וואָס באַשאַפען געוואָרען ניט אין פאַרגלייך ווי אין די וואָכעדיגע טעג. היינט האָט זיך טוביה באַטראַכט ווי אַ גלייכער מחותן מיט׳ן גביר פון שטעטעל, ווייל ווען ניט ער, טוביה, בלייבט דאָס גאַנצע שטעטעל אָהן וואַסער. ער דאַרף דאָס נאָר וועלען!

היינט איז ערב שבת און טוביה געהט צוגלייך אין שוהל מיט אַלע אַנגעזעהענע באַלעבאַטים פון שטעטעל. אַ סך, כמעט

אַלע וואָס טרעפען איהם אָן, באַגריסען טוביה'ן, טראָגען איהם אונטער דעם גוט־שבת.

טוביה פיהלט זיך גאַנץ געשמייכעלט דערפון און איהם וואַקסט דאָס האַרץ פון פרייד. ער איז אַ שטאָטישער בעל הבית צוגלייך מיט יעדען. ביים אַריינקומען אין קלויז, בלייבט ער שטעהן ביים טיר און ווישט זיך אַרום דעם שוויס פון זיין האַרעפּאַשנעם צעפלאַמטען גראָבען פּנים, און זעצט זיך אוועק צווישען די אורחים פון שטעטעל, וואָס קומען פון צייט צו צייט אַרונטער.

טוביה פיהלט זיך גאַנץ היימיש, זיצט זיך בהרחבה'דיג און דאַוונט מיט געשמאַק.

נאָכ'ן דאַוונען, ווען טוביה קומט אריין צו זיך אין שטוב און דערזעהט די בענש־ליכט ברענען, מיט'ן געגרייטען ווייסען טישטוך לכבוד שבת מיט'ן קעראָסינענעם לאָמפּ אין מיטען פון טיש, העל באַלויכטען, דערפיהלט ער אַ וואַרימקייט אין זיינע גלידער. זיין ברכה־חיה מיט'ן זיידענעם טיכעל קומט איהם אַנטקעגען מיט'ן ברייטען גוט־שבת, שמייכעלט ער זיך אונטער זיינע צוצויגענע וואַנצעס, שעפּטשעט עפּעס מיט די ליפּען, און די אויגען פינקלען ביי איהם אַזוי גלאַנציג ווי ער וואָלט וועלען אַלץ פאַרשלינגען, מיט איין מאָל זיך אָנזעטיגען גאַנץ ברייט פון יעדער זאַך. עס פאַרשמעקען איהם די באַ'טעמ'טע מאכלים וועלכע עס שפּאַרען אַזוי געשמאַק מיט זייערע ריחות, אַזש עס צוטראָגט זיך איבער'ן גאַנצען שטוב.

טוביה זעצט זיך אַוועק, — נאָכדעם ווי ער האָט שוין אָפּגעזאָגט שלום עליכם און זיך געוואַשען, געמאַכט המוציא — גאַנץ ברייטלאַך אַרום טיש מיט זיין הויז געזינט. זיין זמירות זינגען צעטראָגט זיך איבער'ן גאַנצען הויז. אַלץ טראָגט אין זיך אַ געשמאַק פון שבת'דיגקייט.

מיט גרויס אַפּעטיט שלינגט טוביה די אונטערגעטראָגענע מאכלים ביסען נאָך ביסען — צוליב זיין נשמה יתירה.

שבת איז ער דער מלך פון זיין קעניגרייך. אַ געדאַנק לויפט איהם שנעל פאַרביי, — ווען ער, טוביה, וואָלט זיך נאָר וועלען

אַ שפּיל טאָן, וואָלט דאָס גאַנצע שטעטעל אויסגעגאַנגען פון דורשט!

נאָר עס רעדט זיך אַזוי. — טוביה וועט אַזוי שלעכט ניט זיין. ער וועט ניט וועלן אומברענגען אַ שטאָט מיט מענשען און לאָזען זיי אהן אַ טראָפּען וואַסער...

דער געדאַנק אָבער שאַפט איהם גרויס פאַרגעניגען. ער איז דאָס דער „מלך" פון וואַסער פיהרען. אַלע מוזען צו איהם אַנקומען. ער וועט אַזוי שלעכט ניט האַנדלען. פאַרט אַזוי פיל יאָהרען דער איינציגער וואַסער פיהרער. קיין זוהן וועמען די ירושה צו לאָזען האָט ניט טוביה.

טוביה קומט דורך דעם שבת, — כמעט יעדען שבת בלויז מיט רעיונות. פּיהרט זיך אַזוי שוין יאָהרען לאַנג. קיין דאגות פּרנסה האָט ניט טוביה. אַפילו שווערליך אָבער אהן זאָרג.

חלה אויף שבת, דאָס באַקומט ער יעדען ערב שבת פון זיינע באַלעבאַסטעס. מיט דירה געלט קומט ער ווי ניט ווי אויס — אַלץ אויפ'ן „זמן". דערפאַר צאָהלט ער אָפּ מיט וואַסער טראָגען.

מלבושים פאַר זיך, חוץ שבת, דאַרף ער ניט. ער האָט קיינמאָל ניט קיין צייט זיך איבערצוטאָן. פאַר די בני בית זאָרגט ער ניט. דאָס באַקומט ער צוגעוואָרפען פון צייט צו צייט, אַלס מתנות פון זיינע באַלעבאַטים.

די גאַנצע וואָך דערפאַר קומט איהם אָן שווער צו ציהען חיונה. ער מוז אויפשטעהן זעהר פריה, צוגלייך מיט'ן מאָרגען שטערען, ביז שפּעט אין דער נאַכט. און אַזוי יעדען טאָג סיי זומער און סיי ווינטער.

זומער פאָהרט טוביה מיט זיין פליכעוואַטען פערד טריט ביי טריט, פונקט ווי די שטאָדט וואָלט זיינע זיין. מאַכט זיך איינמאָל אין אַ פאַרטאָג, אום זומער איז דאָס געווען, פאָהרט זיך אַזוי טוביה דער וואַסער פיהרער און זינגט זיך אויס פאַרשיי־דענע ניגונים פון שטאָדטישען חזן פון דער גרויסער שוהל, און בעת מעשה פייפט ער זיך אונטער אַזוי ווי אַ וואַלד פייגעלע, אַזוי ווי אַ קאַנאַריקעל, וואָס געפינט זיך ביים פריץ פון שטעטעל.

פונקט צו טוביה׳ס גליקליכען שלים־מזל, פאהרט אן דער פריץ מיט זיינע פיר פערד נאשפיץ, און דערהערט דאס אויס־פייפען און אויסזינגען פון טוביה דעם וואסער פיהרער, און ער בלייבט שטעהן. הערט זיך צו ווי ער פייפט און זינגט, און הייסט איהם שטעהן בלייבען. פארפיהרט מיט איהם א שמועס, און הייסט איהם זיך מעלדען צו איהם צומארגענס אין זיין ריי־כען פריצישען הויף.

טוביה ווערט ענטציקט פון דעם פריץ׳ס איינלאדונג צו קו־מען אין הויף.

צומארגענס געפינט זיך טוביה אין הויף ביים פריץ. ער באקומט א שעהנע אויפנאהמע, און דער פריץ מאכט מיט איהם אן אפמאך. ער וועט איהם באזארגען מיט חיונה, מיט א רובל אין קעשענע, עס וועט איהם קיין זאך ניט פעהלען, נאר בלויז איין ארבייט וועט טוביה ביים פריץ האבען:

ווען געסט וועלען זיך צוזאמענקומען ביי איהם אין הויף, ביים פריץ הייסט עס, וועט ער, טוביה, דארפען זיצען אויף א בוים און אויספייפען, אויסזינגען ווי זיין קאנאריקעל.

טוביה וועט ווערען ביים פריץ דער זינג־פויגעל.

טוביה׳ן געפעלט ניט דער פלאן — ער קען ניט לאזען א שטאט אהן וואסער, אבער אפזאגען דעם פריץ האט ער פשוט מורא.

ער איז אבער מסכים דערצו.

די שטאט האט דער פריץ געזעהן באזארגען מיט וואסער. און טוביה איז זינט יענער צייט געווארען דעם פריץ׳ס זינג־פויגעל.

טוביה איז נעלם געווארען, און די שטאט ווייסט ניט דער־פון. בלויז ווען געסט פארזאמלען זיך אין פריץ׳ס הויף, הויבט אן טוביה צו ווייזען וואס ער קען.

ער זינגט און פייפט און אונטערהאלט דעם פריץ׳ס געסט, און אט אזוי איז טוביה דערהויבען און אויפגעריכט געווארען.

טוביה איז געווארען דער זינג־פויגעל ביים פריץ אין שטע־טעל.

# אַ אידישער פּאַרלאַמענט

אַט באַלד וועט איהר הערען
פון נאָהענט און פון ווייטען
אַז די ענגלישע בערען
מיט די אידישע „מאַנדאַטען"
האָבען פעסט שוין פאַרשלאָסען
די מיילער פון אַנטיסעמיטען
געגעבען די אידען — אַ מקום־מנוחה
זיך פירען ווי לייטען — —
מיט אַן אייגענער מלוכה!

און טאַקע אין לאַנד
פון די הייליגע אבות.
אַרונטער די שאַנד
פון קלויבען נדבות
אַ פאָלק — ווי ביי לייטען
מיט אַ אידישען מלך
נידער מיט די גלות־קייטען
דאָס אידישע פאָלק — —
איז שוין פרעהליך.

און אידען אַ שטראָם
קיין ירושלים צו פוס.
מארבע פינות עולם
מען כאַפּט אַ שמועס,
עס ציטערט, עס פלאַטערט
ביים אידען אַן אבר

אַט גײט ער מיט שטאָלץ
צו דער מוטער רחל׳ס קבר.

ביים כתל מערבי
די הייליגע וואַנט,
אידען מיט בערד,
טליתים אין האַנט,
מען שטייט און מ׳בלאָזט
„שופר״ — בקול רם,
מען דאַנקט דעם באַשאַפער
וואָס מ׳איז פטור פון סדום.

עס הערען זיך קלאַנגען
פון „עמק״ פון ווייט,
פון פאַסטוכער — געזאַנגען
ווי אין דער אַלטער צייט
די זוהן שיינט פון מזרח
מיט גאָלדענע שטראַלען
עס מאַרשירען חלוצים
מיט פריידיגע סיגנאַלען.

די שאָף און די רינדער
זיי מעקען און שרייען
אַ געמיש פון קינדער
באַקסערען זיי קייען;
הירשען און קעמלען,
בהמות און ציגען,
ברומען און הירזשען
מיט תפילות׳דיגען ניגון.

אַ ווינט בלאָזט פון צפון,
אַ וואַרימקייט — פון דרום;
עס הערט זיך דאָס לערנען

פון קינדערשע חדרים,
מען לערענט מיט מתיקות,
עס הערשט ניט קיין מורא,
עס הילכט אפ דער עכא:
מציון תצא תורה.

כהנים, לויים,
מיט קיטלען מיט ווייסע,
מ׳זיצט ארום טישען
ווי סנהדרין פארצייטען
ביים אפענעם זוהר
פארטיפט, און מחשבות
זאל לעבען דער פארלאמענט!
פטור פון גלות! ...

# דעם רבי׳נס אייניקעל

— איהר קענט מיר אפשר זאגען ווי האלט דער זייגער ? — שטעלט מיך אפ א איד אויף קאלעדזש סטריט קארנער באט־הוירסט, און לאזט זיך געהן נאך מיר, פארפיהרענדיג א גאנצען שמועס מיט מיר, ווער איך בין און וואס איך בין.

ווען איך האב איהם ערקלערט, אז איך שרייב גאנץ אפט אין „זשורנאל״, באשרייבענדיג די אידען וואס ווילען זיך אראפ־רעדען פון הארצען, איז איהם די זאך שטארק געפעלען געווארען, און ער האט מיך איינגעלאדען אין א דערבייאיגען רעסטאראנט, באשטעלענדיג א פאר גלעזער טיי מיט צובייסען, און מיר אנ־געפאנגען דערצעהלען וואס מיט איהם האט פאסירט פאר דער לעצטער צייט זינט ער וואוינט אין האמילטאן. און אלץ מייבט איהר צוליב וואס ? צוליב דעם רבי׳נס אייניקעל״. דער איד נעהמט ארויס א זילבערנע „טאבאטשניצע״, איז מיך מכבד מיט א סיגארעטעל און ער פאנגט מיר אן דערצעהלען זיין לעבענס־געשיכטע, וואס מיט איהם אליין האט געטראפען איידער ער האט זיך פארליבט אינ׳ם רבינ׳ס אן אייניקעל.

— מיך אליין רופט מען יעקב־אהרן — פאנגט דער איד אן — קומען קום איך פון א קליין שטעטעל אין קיעווער גובערניע. מאכט זיך א געשיכטע און צו אונז אין שטעטעל קומט אראפ א גוטער־איד און באזעצט זיך דארט. חברה־יונגווארג, איהר ווייסט דאך, דארף מען געהן צום רבי׳ן זעהן ווי מען „פראוועט״ א טיש.

— יעדען פרייטאג צו נאכטס בין איך געגאנגען מיט׳ן טאטען צום רבי׳נס טיש. איך ווייס ניט צי זענט איהר אמאל געווען ביי א היימישען „גוטען אידען״, זעהן ווי אזוי עס ווערט דארט געפראוועט א טיש, אבער איך מוז אייך זאגען, אז באלד

ביים אַריינגאַנג אין קלויז, האָט זיך שוין דערפילט אַז מיר זיינען אַרומגענומען מיט הייליגקייט. אין אַ לאַנגער רייהע שטעהען ברייט אויסגעשטעלט לאַנגע טישען פאַרשפּרייט מיט ווייסע טישטוכער, ממש עס בלאַנקט אין די אויגען. אויפ׳ן טיש איז אַנגעשטעלט מכל טוב. פון ביידע זייטען באַנק זיינען באַזעצט פול מיט אידען, דעם רבי׳נס חסידים, יונגע און אַלטע, מיט שטריימלאַך און אָהן שטריימלאַך, מיט סאַמעטענע קאַרטוזען און מייסטענס מיט אַטלעסענע לאַנגע קאַפּאָטעס ארומגעגאַרטעלט. פּאות סיי וואָסערע איהר ווילט: קוטשעראַווע, לאַנגע אָדער צו־זאַמענגעפלאָכטענע. בערד פון פאַרשיידענע לענג און ברייט, אויסגעקעמטע און ניט־אויסגעקעמטע. גאַנץ אָפט קענט איהר זעהן בערד, צוויי לאַנג עקעדיגע און דערמיטען גאַר קיין באָרד ניט אָדער סתם בערדלאַך ווי אַ קאַמעץ. היינט קאָלירטע בערד פון פאַרשידענע סאָרטען. רויטע, שוואַרצע ווי פעך, געלע בערד, גרויע בערד, בלאַנדע בערד געמישט מיט אַ פאַרגעהענדע זויך־רויטקייט, אָדער סתם קאַלטענעוואַטע בערדלאַך מיט פאַרגלאַנצ־טע אויגען העט ארויף צו, צום מזרח, דאָרט וואו דער רבי זאָל לעבען זיצט בכבודו ובעצמו מיט זיין אַטלאַסענער זשופּיצע און גרויסען שטריימעל. זיין געזיכט זעהט אויס בלויזאַך פון ווע־ניג תענוגי עולם הזה און אַ סך לערנען. מיט איין האַנט האַלט דער רבי אונטערגעשפּאַרט דעם ברייטען שטערען, מיט דער צווייטער האַנט טיילט ער אויס די „שיריים״ צו די ארומיגע אידען, זיינע שטענדיגע חסידים. האַרט ביים רבי׳נס זייט זיצט זיין עלטסטער זוהן מיט אַ גרויסען שטריימעל אויפ׳ן קאָפּ און דערביי זיינע פיר אינגלאַך, דעם רבי׳נס אייניקלאַך קוקען זי דאַיין ווי אַזוי דער רבי זאָל לעבען פיהרט אַן מיט׳ן פראַווען דעם טיש. צו קידוש קומען אריין די ביידע רבי׳צינס — די מאַמע מיט דער שנור — און צולעצט געהט נאָך דעם רבי׳נס אַן אייניקעל, אַ מיידעל פון אַ יאָהר זיבעצען, שעהן, ממש אין איהר צורה אריין ניט צו קוקען. פשוט זי ברענט מיט די אויגען...

— און טאַקע צוליב אָט דער „קראַסאַוויצע״, דעם רבי׳נס אייניקעל, האָט מיך געבראַכט דערצו אייך צו דערצעהלען מיין

גאַנצע לעבענס געשיכטע. די אַלע צערעמאָניעס וואָס איך האָב נאָר וואָס פאַר אייך אויסגעמאָלען האָט דעמאָלסט אויף מיר ניט געמאַכט אַזאַ שטאַרקען רושם ווי דעם רבי׳נס אייניקעל מיט איהרע שעהנע שוואַרצע אויגען. זיי האָבען ממש פאַרכאַפּט מיין נשמה, מיין הארץ און מיין גאַנצען יונגען וועזען. יענעם פרייטאג צו נאַכטס ביז איך שוין ניט געשלאָפען און מיט אומ־געדולד דערוואַרט זיך ביז דעם צווייטען פרייטאג צו נאַכט. מיך האָט שוין גאַרניט געקימערט דעם רבי׳נס טישען פּראָווען. מיינע אויגען זיינען שטענדיג געווען געווענדעט צום רבי׳נס אייניקעל, שושנה האָט מען זי גערופען. מיט איהר יעדען בליק האָט זי מיך פאַר׳כישופ׳ט. ווי מיט גליהענדע הייסע קוילען האָט זי מיך געבריהט. מיינע געדאַנקען זיינען געווען בלויז פאַרטאָן ווי אַזוי וואָלט איך מיך געקאָנט דערנעהענטערען צו דער שעהנער שושנה. נאָר ווי קום איך, יעקב אהרן, אברהם עוזר דעם שוחט׳ס אַן אייניקעל, צו טראַכטען וועגען דעם רבי׳נס אַן אייניקעל?

טעג און וואָכען זיינען געלאָפען און געשאָפען גאַנצע חדשים, און פון מאָל צו מאָל האָט זי זיך מיר אַלץ טיפער און טיפער איינגעקריצט אין הארצען. מיינע געדאַנקען וועגען איהר האָבען מיך ממש פאַרמאַטערט. איך האָב נאָר געטראַכט ווי אַזוי צו שליסען באַקאַנטשאַפט מיט איהר, און איך האָב באַשלאָסען צו ווערען אַ גאַנצער בן־בית ביים רבי׳ן אין הויף.

איהר קענט פאַרשטעהן, אַז די פאַרליבעניש איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז איינמאָל אין אָווענט, ווינטער־צייט, ווען איך דרויסען האָט געבערענט אַ פראָסט ממש די נאָז ניט אַרויסצו־שטעקען, האָב איך מיך שטילערהייט פאַר׳גנב׳עט ביים רבי׳ן אונטער׳ן פענסטער, צו כאַפּען אַ קוק אויף דער שעהנער שושנה — צו וועמען מיין האַרץ האָט אַזוי געצויגען און גענאַגט. איך האָב אינגאַנצען פאַרגעסען אַן דעם ברענענדיגען פראָסט, געשטאַנען ווי צוגעשמידט און אריינגעקוקט אינ׳ם פענס־טער צו אַנזעטיגען מיין דורשטיגע ליבע צו איהר.

— איך ווייס ניט וואָס אַזוינס האָט פּאַסירט, נאָר דאָס געדענק איך נאָך עד היום. אויף די געשרייען „כאַפּט אַ גנב,

ער קריכט דורכ׳ן פענסטער!״ זיינען אנגעלאפען חסידים מיט לאמטערנעס אין די הענט, און מיט שטעקענס האבען זי מיך אנ־געהויבען צו שלאגען, אז איך האב אפילו ניט צייט געהאט זיך ארומצוקוקען...

ווען איך האב מיך אויפגעכאפט, בין איך געלעגען א באנ־דאזשירטער אין שפיטאל, און מיינע עלטערען זיינען געשטאנען איבער מיין בעט, גאט געבעטען, ער זאל מיר צושיקען א רפואה שלימה.

עטליכע חדשים בין איך אפגעלעגען אין שפיטאל, ביז איך בין געזונט געווארען. ווען איך בין צו זיך געקומען, האב איך זיך דערוואוסט, אז שושנה איז א כלה געווארען פאר א גוטען אידענ׳ס א זוהן, אזש פון לעמבערג. צו מיינע שמערצען איז גאר קיין ברעג ניט געווען. יעדע נאכט האב איך מיך באגא־סען מיט טרערען. עס האט לאנג ניט גענומען און אין ,,הויף״ האט מען זיך גענומען גרייטען צו דער חתונה. עס זיינען אנגע־פאהרען פון די ארומיגע סביבה׳ס געסט, מחותנים און סתם ,,נאטשאלסטווא״, אפילו דער איספראווניק אליין איז אויך גע־קומען.

דער טאג פון דער חתונה איז געווען זעהר א שעהנער, נאר ניט פאר מיר. דעם טאג פון איהר חופה וועל איך קיינמאל ניט פארגעסען.

— גלייך מיט׳ן אנפאנג פון טאג האט זיך געלאזט פיהלען דאס פרעהליכקייט אין שטעטעל. עקיפאזשען, פוהרען, פאיע־טאנען האבען זיך געצויגען פון אלע עקען שטאט. עס איז געווען א געלאף פון ווייבער, מענער, קליינוואַרג. עס האט גערודערט, געטומעלט און גערוישט. דאס גאנצע שטעטעל אונזערס האט אויסגעזעהן ווי א מיליטער לאגער.

— פאליציי פון אלע זייטען, דער נאדזיראטעל מיט׳ן פריס־טאוו האבען געהאלטען ארדנונג. מיטאמאל האט זיך דערהערט דאס שפילען פון די כלי־זמרים. דריי קאפעליעס כלי־זמר. דאס האט מען געשפילט דעם גרויסען מארש ווען דער חתן האט זיך באוויזען אין שטאט. זיבען מאל איז מען מיט׳ן חתן און אלע

מחותנים אַרומגעפאַהרען און נאָכגעגאַנגען צופוס אַרום די קליי־טען, וואָס שטעהען אַיז מיטען מאַרק. קינד און קייט איז געווען אויפגעלעבט און זיך געפיהלט יום־טוב׳דיג מיט דעם רבי׳נס חתונה. די חופה איז געפּראַוועט געוואָרען אין דעם גרויסען שול־הויף. דער רבי, זאָל לעבען, איז געווען דער מסדר קידושין. כלי זמר האָבען געשפּילט, יונג און אַלט האָבען געשטראַהלט פון פרייד. די חסידים צוזאַמענגעפלאַכטען מיט די דויטע טי־כעלאַך אין די הענט, ווי איין שטיק חסיד, האָבען געטאַנצט און געהוליעט. עפּעס אַ קליינינקייט, שושנה דעם רבי׳נס אַן איי־ניקעל האָט חתונה פאַר דעם צדיק פון לעמבערג אַ זוהן.

דער חתן האָט זיך געפרעהט און שושנה׳ס פּנים האָט גע־שטראַהלט פון שעהנקייט, ממש די שכינה האָט גערוהט אויף איהר, שטריימלאַך מיט לאַנגע קאַפּאָטעס, זשופּיצעס און גאַרט־לען האָבען זיך געשאַרט פון אַלע זייטען, דאָס גאַנצע אויסזעהן פון שטעדטעל איז געווען ווי אַ גן עדן. אַפילו „נאַטשאַלסטוואָ״ איז געשטאַנען מיט יראת הכבוד, אַט פּונקט ווי זיי וואָלטען האָ־בען אַ חלק אין דער שמחה.

בלויז איין מענש האָט זיך ניט געפיהלט צופרידען מיט׳ן גרויסען יום טוב, ממש קיין אָרט ניט געקענט געפינען. דער „איינער מענש״ איז געווען איך — איך יעקב אהרן — פאַר מיר איז דאָס גאַנצע שטעדטעל ענג געווען. עפּעס האָט אַזוי געדריקט ביי דער נשמה, ביים האַרצען, אַז איך האָב מיך דעמאָלסט קיין אָרט ניט געקענט געפינען.

איך האָב שוין לענגער ניט געקענט אויסהאַלטען און געלאָ־זען די גאַנצע חופה צערעמאָניע מיט די טאַנצענדיגע חסידים, מיט חתן־כלה מיט אַלעס און מיט אַלעמען, און זיך געלאָזען פון וועהטאָג און פאַרדרוס לויפען אַראָפּ צו, צום טייך זיך טריב־קען. אויף מיין פינסטערען שלים־מזל האָבען זיך געפונען פּאָס־טוכער וואָס האָבען געבראַכט די שעפּסען צום טייך זיך אָנטריב־קען און מיך אַרויסגעצויגען אַ גוסס׳דיגען.

— שפּעטער צו, פון שאַנדע און בענקשאַפט, פון ליבשאַפט צו שושנה׳ן, האָב איך פאַרלאָזען מיין שטעדטעל און געלאָפען

אין דער גרויסער וועלט אריין, ביז איך האב מיך דערשלאגען קיין קאנאדע או זיך באזעצט אין האמילטאן. פאר דער צייט האב איך חתונה געהאט, האב שוין אויסגעגעבענע קינדער, זעהר געראטענע. נאר ווען איך דערמאהן זיך פון שושנה׳ן, דעם רבי׳נס אייניקעל, טוט מיר עפעס אזא צופ ביי דער נשמה, אז איך ווייס אליין ניט ווי אזוי דאס אייך איבערצוגעבען. זעהט איהר, — זאגט צו מיר דער איד פון האמילטאן — יעצט פיהל איך מיר ווי ביי געבוירעז, וואס איך האב מיך פאר אייך אראפ־רעדט פון הארצען. מיך ארט ניט אפילו איהר זאלט דאס באַ־שרייבען.

# אַן אַנגעלעגטער גאַסט

ווען סיידי מיט איהרע עלטערען זיינען אין אַמעריקע געקו־מען, איז זי שוין געווען אַ מיידעל פון אַכצען יאָר. געגוג שווער איז פאַר איהר געווען דאָס נייע אַנגעוואַנדערט לעבען. זיך מוזען צוגעוואוינען צום היגען אַרט לעבען. ניט אַזוי גרינג אַבער איז איהר אַנגעקומען דאָס מאַכען זיך פאַרגעסען אין איהר געליבטען יצחק׳ן, וואָס איהרע בעסטע יונגע קינדערשע יאָרען האָט זי אָוועקגעגעבען פאַר איהם, פאַר יצחק׳ן, וואָס איז איהר געווען אַזוי באַליבט אין האַרצען, און טייער און הייליג זיינע אמת׳ע, ריינע ליבעס געפיהלען צו איהר. זינט זייער באַקאַנטשאַפט אין׳ם קליינעם פוילישען וועלדעל, וואָס רינגעלט אַרום זייער קליין שטעטעל, ווי יעדע גרעזערע און בוימעלע איז געווען אָנ־געזאַפט מיט סודות׳דיגע ליבעס טרוימען.

זי דערמאַנט זיך אַן יענעם אָוונט, בעת זייער ערשטער באַקאַנטשאַפט; זי, קוים אַלט זייענדיג דאַמאַלסט פופצען יאָר, ווי זיי ביידע — זי מיט איהר יצחק׳ן — זיינען געזעסען אויף אַ גרין באַוואַקסען גראָזיג בערגעל. עס איז שוין געווען היבשלאַך שפּעט אין נאַכט, געזעסען פעסט געאַרעמט מיט יצחק׳ן, און מיט אַראָפּגעלאַזטע בליקען געווען שטאַרק פאַרטראַכט און אַהן ווער־טער האָבען זיי געמורמעלט איינס צום צווייטען מיט האַלב אָפּ־געהאַקטע ווערטער, געגען דער שניידענדיגער לבנה. אַ הערליכע שטילקייט האָט דאַן געהערשט אַרום זיי, אויסער פון צייט צו צייט דאָס שאָרכען פון די שאָקעלדיגע צווייגען.

פון די אַלט אַנגעוואָרצעלטע בוימער, וואָס אַ קליינער וויב־טעל האָט זיי פאַנאַנדערגעבלאָזען אין טיף סודות׳דיגע אַ שטילע תפילה פאַר זיי ביידע צו גאָט געבעטען, בליסטשענדע שטערען האָבען געפינקעלט און זיך איבערגעוואָרפען פון אָרט צו אָרט,

און אפגעשפיגעלט זייער אינטימע ליבעס ערקלערונג. דער גערוך פון די שמעקעדיגע גראזען האט זיך דורכגעמישט מיט דעם געשמאק פון דער זיסקייט פון זייערע ליפען, וואס האט ווי אין א שטילער שמונה־עשרה פון צייט צו צייט זיך אפגעפרעסט און אפגעקלונגען אין דער שטילקייט פון טיפעניש אין זייערע נשמה טרוימען.

גערעדט האבען זיי גאנץ ווייניג. די שטריכען פון זייערע געפיהלען האבען זיך געקענט לייכט דורכטראגען פון איין געדאנק צום צווייטען. דורך דעם קלאר זילבערנעם וואסערל פון קליי־נעם פליסיגען טייכעל, וואס האט ניט ווייט פון זיי אפגעשפי־געלט זייערע ביידענס געשטאלטען, געגען דער הערליכער שיין פון דער בלאסער צארטער לבנה, און אריינגעשטראלט טיף אין זייערע מוחות און אין זייערע הייס־פארליבטע הערצער.

יענע נאכט געדענקט סיידי זעהר גוט. אין יענער נאכט איז אויסגעשוואוירען געווארען אן אייביגער ליבעס אפמאך פון איהר צו איהר יצחק׳ן און פון איהם — צו איהר.

שווער האבען זיי ביידע געאטעמט און זייערע הערצער האבען זיך געהויבען פיל העכער איבער זייערע געדאנקען. איין אייביגע שבועה פון געטריישאפט איז פעסט ביי זיי באשלאסען געווארען, אין דער שפעטער שטילקייט פון דער נאכט, אינ׳ם קליינעם וועלדעל.

מיט׳ן טאג גלייך זיינען זיי מיט געהיימע שטילע אונטער־געסלאך לאנגזאם און סודות׳דיג אהיים געגאנגען. דאס גאנצע שטעטעל איז נאך געווען שטארק איינגעהילט אין א געשמאקען פריהמארגען שלאף. קיין בן אדם האט זיי ניט געשטערט זייער פארטראכטקייט און איבערגעבענקייט איינס צום צווייטען. ביים אונטערשטען אריינגאנג פון זייער הויז, האט איהר יצחק די האנט געגעבען, און א פיבערישער שטראל האט דורכגעדרונגען זייערע ביידענס הערצער. דאס געזעגענען זיך האט אין זיך ניט אנטהאלטען דעם חשבון פון יענע קושען, און א געשמאקער קוש האט זיך אפגעפרעסט אויף זייערע ביידענס ליפען. און דער־

גרייכט ביז די שפיץ פינגער פון זייערע פיס, און זיך פאַנאַנ־
דערגעשיידט . . .

אפט פלעגן זיי זיך טרעפן פון יענער צייט אָן. און יעדעס
מאָל האָט אין זיך אַ נײַ פרישקייט געהאַט. עס זיינען פאַרלאָ־
פן טעג און נעכט זייט יענער באַקאַנטשאַפט, אַ פאַרזיגעלטער
קאָנטראַקט פול מיט ליבעס פראָגראַמען איז געלעגן טיף ביי
זיי ביידען און געוואָרצלט אין זייערע נשמות. קיינער פון די
הויז מענשען האָט ניט געטאַרט וויסען. צווישען מענשען אין
דער ליכטיגקייט זיינען זיי פרעמד, ווי צוויי אומבאַקאַנטע מענ־
שען וואָס האָבען זיך קיינמאָל ניט געזעהן.

זייערע עלטערען האָבען ניט געוואוסט פון זייער נאָהענט־
קייט צווישען זיך און אפילו קיינמאָל קיין באַמערקונג ניט גע־
קענט האָבען וועגען זיי.

עס זיינען פאַראיבער חדשים. זומער נאָך זומער ,מיטשלונ־
גענדיג אפילו אין זיך די גרויסע ווינטער נעכט אָהן אַ שום באַ־
מערקונג פון אַ זייטיגען אויג. נאָר ווען עס איז געקומען די
לעצטע צייט, איידער זיי האָבען באַדאַרפט קיין אַמעריקע אָפּ־
פאָרען, האָבען איהרע עלטערען עפּעס יאָ ווי באַמערקט אַז זייער
סיידי איז ניט מיט אַלעמען. עפּעס געהט זי אַרום ווי טיף פאַר־
זונקען אין איהרע אייגענע געדאַנקען. זיי האָבען דאָס אָנגעפאַנ־
גען צו באַמערקען שוין גאָר אין די לעצטע טעג פאַר זייער אָפּ־
פאָרען, ווען די מוטער איהרע איז איינמאָל אין אַ ביינאַכט צו
איהר אין צימער אריין, האָט זי פאַר דער שיין פון קליינעם רוי־
כיגען לעמפּעל דערקענט פאַרטרערטע אויגען ביי סיידי׳ן.

דער מאַמע׳ס האַרץ האָט זיך אַ צאַפּעל געטאָן. זיך גענומען
אויספרעגען וואָס איהר טוט וועה. . און זיך צוגעזעצט אין איהר
בעטעל, גענומען נאָכפאָרשען און אויספרעגען, און באַטאַפּט
איהרע גלידער. סיידי האָט זיך שטאַרק פאַנאַנדערגעוויינט, און
דער מאַמען איהר סוד אַנטפּלעקט. די מאַמע האָט זי געגלעט
איבער איהרע בלאָנדע לאָקען, מיט איהר צאַרטער מוטער האַנט
און זי געטרייסט, אַז אין נייעם לאַנד וועט זי איהר ריכטיגען
זיוג באַקומען . . .

און סיידי האָט נאָך שטאַרקער און העכער געוויינט...

ווען סיידי איז אין נייעם לאַנד אַמעריקע אָפּגעווען אַ פּאָר יאָר, איז איהר נאָך אַלס דער נייער לעבען ניט באַקומען. זי האָט שוין אַפילו געאַרבייט און פאַרדינט ניט שלעכט, אָבער שטאַרק צופרידען איז זי ניט געווען. כסדר איז זי אַרומגעגאַנגען אומ־רוהיג, אומצופרידען, ניט געזוכט קיין באַקאַנטשאַפט מיט קיינעם. קיינער האָט איהר ניט אינטערעסירט. אין געזעלשאַפטליכען לע־בען איז זי ניט געגאַנגען. ווייט געווען פון יעדען. אַפילו מיט איהרע עלטערען איבעריגס ניט גערעדט. פון צייט צו צייט אַ בוך געלייענט, געפיהרט אַן אָפּגעזונדערט לעבען מיט זיך אַליין.

די מאַמע פלעגט איהר אָפט פאַרוואַרפען וועגען איהר צו־ריקגעצויגענעם איינזאַמען לעבען. אָבער סיידי׳ן האָט דאָס ניט געקימערט שטאַרק. פון מאָל צו מאָל פלעגט זי אָפּענטפערען דער מוטער מיט אַ זיפץ — און זיך ווייטער אַנגעאַנגען מיט איהר פיהרונג ווי פריהער.

פון איהר יצחק׳ן האָט זי די גאַנצע צייט ניט געהערט. זי האָט זיך מיט איהם ניט דורכגעשריבען. דער טאַטע האָט פאַר־זאָגט...

לאַנדסלייט זיינען געקומען מיט בקשות. זיך געבעטען ביי סיידי׳ן: סטייטש, אַזאַ שעהן מיידעל און זיין אַזוי פאַראומערט. שוין צייט וועגען תכלית אַמאָל אַ טראַכט צו טאָן. סיידי האָט ניט געוואָלט הערען.

זייענדיג ביי זייער לאַנדסמאַן אויף אַ חתונה, האָט מען זי מיט אַ בחור באַקענט. זי איז ניט געווען איבעריג צופרידען מיט זייך ערשטען אריינקומען צו זיי אין הויז.

טאַטע־מאַמע האָבען שטאַרק פּראָטעסטירט. ניט שעהן פאַר אַ מיידעל אַזוי צו פיהרען זיך. אַ מיידעל מוז פאַרגעסען. טראַכ־טען אַמאָל וועגען תכלית. דער טאַטע איז שוין ניט קיין יונגער־מאַנטשיק, פלעגט די מוטער רעדען צו איהר. סיידי האָט ניט געשענקט צו דעם קיין צופיל אויפמערקזאַמקייט. לאַנדסלייט האָ־בען זיך אָבער אריינגעמישט, גענומען פיהרען שדכנות צווישען סיידי׳ן מיט איהר נייעם באַקאַנטען.

גרויסע פאַנטאַזיעס האָבען זיי איהר פאַרגעשטעלט. אייניִ־
מאָל אין לעבען אַזאַ געלעגענהייט. מען טאָר ניט אַוועקלאָזען.
פאַרטיג. דער בחור קומט יעדען אָוונט, האָבען זיי איהר ער־
קלעהרט.

סיידי האָט גאַרניט געענטפערט, און ווי שטענדיג — טיף
אָפּגעזיפצט און בשעת מעשה געטראַכט, אַז איהר יצחק׳ן וואָלט
זי ניט אָנטזאָגט. ער איז אָבער אַזוי ווייט פון איהר. לאָזט זיך
ניט הערען. ווער ווייסט?

מ׳האָט זיך גענומען גרייטען וועגען חתונה. שוין אַלע
הכנות כמעט ווי פאַרטיג. דער בחור קומט יעדען אָוונט. די
טעג פון דער חופה דערנעהענטערען זיך. אַ טיפע וואונד נאַגט
אין איהר האַרצען...

די פרייד פון טאַטע מאַמע איז ניט צו באַגרייפען. דער
לעצטער טאָג פאַר זייער קינד׳ס חופה. געסט הויבען זיך אָן
פאַרזאַמלען. פרעהליכע געזונטע ווינשען מזל־טוב צו עלטערען.
מאָרגען דאַרף די חופה זיין.

סיידי איז שטאַרק באַאומרוהיגט. אין איהר האַרצען רו־
דערט זיך אַ שטורמדיגע קאָנוואולסיע — ווי צום צוזאַמענברעכען.

אַ באַהאַלטענער געדאַנק, טיף אין איהר מוח, דערוועקט אין
איהר האָפנונג. פיללייכט וועט עפּעס אַ נס געשעהן. זי האָט
מורא. געוואַלדיג מורא אַפילו דערפון אַ טראַכט צו געבען. דער
געדאַנק אַז אָט באַלד וועט זי זיך דאַרפען איבערגעבען אַ פרעמ־
דען, אַז אַ פרעמדער וועט זי באַזיצען און זי וועט ניט קענען
פּראָטעסטירען געגען זיינע ליידענשאַפטען — אָט דער געדאַנק
האָט איהר שרעקליך געמאַטערט.

זי פיהלט ווי איהר מוח הויבט זיך. זי פיהלט אַ נערוועז־
קייט, אַ צושרויפונג אין אַלע איהרע גלידער. — אָט באַלד! די
שטונדע רוקען זיך. נאָך אַ טאָג, די חופה צערעמאָניע ווערט
דורכגעפיהרט און זי איז שוין מעהר ניט אין איהרע אייגענע
הענט. זי געהערט שוין צו אַ פרעמדען, יאָ, צו אַ פרעמדען...

די שטוב איז באַלויכטען. עס הערשט אַ בייקייט אין הויז.
מענשען האַלטען אין שטראָמען. אַלטע באַקאַנטע קומען מיט

שטראַלענדע פּנים׳ער. מ׳גיט אַ מזל־טוב. טאַטע־מאַמע נעה־ מען אויף געסט. מ׳קושט זיך. אַ פרייד פאַר עלטערן. דאָס ערשטע קינד צו דער חופה פיהרען דערלעבט.

דאָס גלעקעל פון טיר הערט ניט אויף קלינגען. דער טע־ לעפאָן אַרבייט אומדערמידליך. קליינוואַרג לאָזט זיך שטאַרק הערען.

טירען זיינען ברייט אָפען. שווערע טריט לאָזען זיך אָפּט הערען פון אָנקומענדיגע געסט.

סיידי קוקט, יעדען תם׳עוואַטע אין די אויגען אַריין. קושט זיך אויך מיט אַלעמען. קיין איבעריגען שמייכעל פאַרגינט זי זיך ניט צו ווייזען.

אַ שטאַרקער קלונג מיט׳ן גלעקעל האָט סיידי׳ן ווי מיט האַמערס גענומען שלאָגען אין קאָפּ. זי האָט געפיהלט אַז דאָס מוז אָנקומען חתנ׳ס צד. זי האָט געזוכט זיך אַן עפּעס אָנצו־ שפּאַרען. איהרע פיס האָבען זיך גענומען וואַקלען. די „אַט־ מאָספערע" אין הויז איז פּלוצלונג געביטען געוואָרען.

אַלעמענס בליקען זיינען אָנגעשטרענגט צום נייעם אָנקו־ מענדיגען גאַסט...

מיטאַמאָל זיינען די געלעכטערס אָפּגעהאַקט געוואָרען. אַ טויטע שטילקייט האָט פאַר אַ מאָמענט אָנגעהאַלטען, וועלכע דער ניי־ערשינענער גאַסט האָט מיט זיך מיטגעבראַכט.

— האָבען זיך אַלע אַ לאָז געטאָן וואַסער צו ברענגען — דער כלה איז מיטאַמאָל ניט־גוט געוואָרען. זי איז אין די הענט פון די מחותנים אין חלשות געפאַלען.

ווען זי איז צו זיך געקומען, האָט זי די אויגען ברייט פאַנאַנ־ דערגעעפענט, האָט זי פאַר אַלעמען אין די אויגען, מיט אַ גאַנץ באַזונדערען שמייכעל, דעם נייעם גאַסט אַרומגענומען, האָט איהם פעסט צו איהר ברוסט געדריקט און איהם הייס און געשמאַק געקושט...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אין אַ חודש אַרום איז סיידי מיט איהר הייס־געליבטען נייעם גאַסט — מיט איהר יצחק׳ן — אונטער דער חופה געשטאַנען....

# אַן אייגען ווינקעל

(מאָנאָלאָג פון אַן עלטערען אידען, פאָרענדיג אויפ׳ן בית עולם)

— אַזוי ווי איהר קוקט מיך אַן — בין איך אַ איד „קאַטאַ־רע׳׳ וואָס האָב שוין געמאַכט געלד אין אַמעריקע, ווען איך בין געווען אַ קאָלעקטאָר פון אַ היגער אינסטיטוציע, — פאַנגט אַן פאַר מיר צו דערצעהלען אַ איד מיט וועלכען איך בין די טעג געפאָהרען אין אַ טעקסי צום בית החיים.

— עס וועט אייך פילייכט אויסקוקען די גאַנצע זאַך קאַ־מיש, אָדער גאָר מאָדנע, — מאַכט צו מיר דער איד — אָבער פאַר מיר איז דאָס אַ פאַרגעניגען זיך דורכשמועסען מיט אייך. אין די מדינות בין איך שוין דאָס זיבעטע יאָהר. קומען קום איך פון ליטע, מיט צוויי־און־צוואַנציג יאָהר צוריק. איז מיר מיין אַלטיטשקע אָפּגעשטאָרבען. איך בין שוין איצט אַריבער די זיבעציגער, נאָך איך פיהל מיך נאָך גענוג קרעפּטיג. מען נעמט נאָך איצט אויך אַ גוטען שמעק טאַבאַקע! אַנטקעגען וואָס וויל איך עס דערצעהלען, אַז ברוך השם צו מיינע קינדער דאַרף איך אפילו איצט אויך ניט אָנקומען. איך וואוין איצט ביי איינער פון מיינע קינדער. עס טרעפט נאָך איצט גאַנץ אָפט, אַז זיי ריהרען אַן דעם טאַטנ׳ס קעשענע. נאָר אַ דאגה, זאָלען זיי גע־זונט זיין, עס איז דאָך מיין אייגען בלוט און פלייש.

— וועמען גיב איך דען פרעמדע? עס זיינען דאָך מיינע קינדער — וואָלט מיין אַלטעטשקע געלעבט! — הום... וואָלט עפּעס אַנדערש געווען, זאָל זי זיין אַ גוטע בעטערין, — נו, איז אַנטקעגען דעם וואָס מען זאָגט, ניט אָנקומען צו קינדער. קו־מענדיג אָהער האָב איך מיר אַריינגעשריבען אין אַ „חברה׳׳, איהר ווייסט דאָך, וואָס עס מיינט: מען זאָגט אַ קאַפּיטעל תהלים, אַ פרק משניות, פּאַרט אויף די עלטערע יאָהרען. אַ איד מוז זיך פּאַרט אַמאָל דערמאָנען אין אידישקייט. האָב איך גע־

טראכט ביי זיך, איידער אנקומען צו קינדער, לאָמיך זיך איצט בעסער באַוואָרענען. בין איך אַוועק אויפ׳ן הייליגען אָרט זיך אויסגעקליבען אַ שטיקעל אָרט, געמאַכט אַ סימן איך זאָל קענען אַליין אַהינצוטרעפען. אָפּגעצאָהלט קעש פאַר׳ן שטיקעל פּלאַץ מיינעם, אַרויסגענומען אַ רעסיט. און טראַכט ביי זיך, איצט קינדער, זייט מיר געזונט און שטאַרק — אפילו נאָכ׳ן טויט וועל איך אויך צו אייך ניט אָנקומען.

— אַליין בין איך אַוועק צו אַ היגען מצבה־שלעגער, זיך באַ־שטעלט אַ שטיין, געהייסען אויסקריצען די נויטיגע ווערטער. געוויס, מיין נאָמען, מיין טאַטענ׳ס נאָמען. חלילה ניט צופיל אָנגעשריבען. איך האַלט ניט פון די פילע שבחים נאָכ׳ן טויט. בלויז געהייסען איבערלאָזען פּלאַץ פאַר׳ן טאָג ווען איך וועל שטאַרבען. — אַליין געווען, צוגעקוקט ווי מען האָט אויסגעגאָ־סען דעם פאַנדיישאַן, אַוועקגעשטעלט דעם שטיין, געמאַכט אַ ברייטען לחיים ראַרט, אַלע מתעסקים האָבען מיר געוואונשען אריכת ימים, און אָפּגעמאַכט מיט זיי, אַז כל זמן איך וועל נאָך לעבען דאַרף אים זיי צאָהלען יעדעס יאָהר פינף דאָלער.

— ווי דענקט איהר? — פרעגט ער מיך, — עס האָט די ווערטה פינף דאָלער אַ יאָהר אַ מענשענ׳ס לעבען? — און אַט אַזוי ווי איהר קוקט מיך אָן — בין איך זיך נוהג יעדעס יאָהר אַרויפצוקומען אויפ׳ן בית החיים, זעהן ווי עס קוקט אויס מיין „בחלה״. פון צייט צו צייט כאַפּ איך זיך אויך אַרויף אַהינצו, טהו אויס מיין קאַפּאָטע, שפּרייט זי דאַרטען אויס און כאַפּ אַפּט, גאַנץ אַפּט, אַ דרעמעל. אַ פאַרגעניגען, איהר הערט, צו האָבען אַן אייגען ווינקעלע. און יעדען ערב יום־כפּור — אַט אַזוי שוין איבער דריי יאָהר, פיהר איך מיך אויף: פאָהר אַרויף צו מיין אייגענער פּראָפּערטי, איך וויל גאַרניט וויסען, צי ריעל עסטייט הויבט זיך אַדער עס פאַלט, איך ווייס ניט פון קיין מאַרגעדזשעס. איין זאַך ווייס זיך, אַז מיין פּלאַץ איז אָפּגעצאָהלט. איך האַלט ניט פון באָרג. באָרג ברענגט זאָרג!

— יאָ, אַנטקעגען דעם וואָס איך וויל אייך דאָ אַרויסברענ־גען, אַז יעדעס יאָהר, ערב יום־כפּור קום איך אַרויף צו זיך אין

מיין אייביגער „היים״, טרעף זיך דארט מיט נאך באקאנטע, וואס זיינען מיר שטארק מקנא, מאכען צוזאמען א לחיים. לעג זיך אביסעל צו — און פאהר מיר נאכדעם צוריק אראפ אין שטאדט.

— איהר מיינט אז נאר דאס — זאגט מיר דער זקן, אפילו מיין אייגענע הלבשה זיך פארגרייט — און ווען איך פיהל מיך אביסעל אויפגעלייגט, נעהם איך ארויס מיינע קליידער, טהו זיי אן, און כאפ א קוק אין שפיגעל. זעהן צו זיי פאסען זיך צו. עס טרעפט אפט, ווען מיינע אייניקלאך קומען פלוצלונג אריין, דערשרעקען זיי זיך שטארק פאר מיר — הויבען אויף א געוואלד, א יללה עד לב השמיים, ממש הימלען שפאלטען זיך. כאפ איך אויף גיך, טו אויס פאמעלאך מיינע „תכריכים״, באהאלט זיי צוריק אין מיין שראנק, פארשליס זיי מיט צוויי שלעסער, טו אן צוריק מיין לאנגע קאפאטע און לאז מיך ארויס אין גאס אריין. דעם אמת געזאגט, עס איז זעהר א גרויסער פארגעניגען. עוון יעדער טאטע וואלט זיך געקענט אלס פארזארגען ביים לעבען — אבי ניט אז קומען צו קינדער. אפילו די בעסטע קינדער, זאג איך אייך, — איהר ווייסט דאך, זאגט צו מיר, דער אלטער — טאטע מאמע, „אייביגע נאראנים״. וואס, איהר זאגט, מען דארף שוין אראפקריכען, איבערגעלאפען די צייט, אלעמאל אזוי, ווען מען רעדט פון פריילינקייט, איז אפילו פאהרענדיג צום בית עולם לויפט געשווינד פארביי די צייט.

— איהר ווילט, קומט מיט מיר צו אט־א־דארטען א, איהר זעהט פון ווייטענס אט־א־יענעם שטיין, מיט דער ניט פארענדיג־טער מצבה, מיט׳ן ליידיגען פלאץ, וואסווארט פאר מיר, דאס איז דאך מיין ווינקעלע, מיין פראפערטי, כ׳לעבען, זי איז אפגע־צאהלט אינגאנצען, אפילו א סענט קומט ניט אויף איהר. איהר זאגט עס פאסט ניט איצט צוצוגעהן אהינצו — „אלרייט״, ווען מיר וועלען צוריקגעהן פון יענער סעמעטערי, וועל איך אייך אהארשט צופיהרען אהין, אום איהר זאלט כאטש האבען א באַ־גריף, וואס עס הייסט פאר א אידען, צו האבען אן אייגען ווינ־קעלע.

ביי די ווערטער האט ער ארויסגענומען א שמעק טאבאק,

און שטארק הנאה געהאט, וואס דער וועג צום בית עולם איז אזוי שנעל איבערגעלאפען.

— זעהט, מאכט ער צו מיר — מיר זאלען זיך ניט פארליי־רען, ווייל איך וויל מיט אייך פאהרען צוריק אין דער זעלבער טעקסי, איהר זענט א איד, וואס מען קען זיך מיט אייך צוזא־מענרעדען, זענט איהר.

# ניט ווי ביים רבי׳ן

זיצען זיך צוויי אידען אויף א באנק אין דער „אהבת אחים״ שוהל און ווארטען מען זאל זיי אויפרופען צו די הקפות. צייט אין פאראן גענוג — קלעהר איך ביי זיך — אייגענטליך וואס קענען אזעלכע צוויי באבערדעלטע אידען רעדען צווישען זיך, און איך לעג צו מיין לינקען אויער זיך איינהערען זייער שמועס.

— איהר ווייסט, — רופט זיך אפ איין איד צום אנדערען — מיר דאכט, ר׳ משה הייסט איהר, אז דא אין שוהל איז ניט אזוי ווי ביי אונז אין דער היים צו די הקפות — איהר זאגט, איהר קומט פון א קליין שטעטעל, פון צעפאריווקע, ביי אייך האט איהר קיינמאל קיין „גוטע אידען״ ניט געזעהן, זאגט איהר. זעהט איהר ר׳ משה — מאכט צו איהם דער איד — און איך אליין קום אויך פון א קליין שטעדטעל נאר דוקא מיט א גוטען אידען!

פארשטעהט איהר מיך, ר׳ משה, ביי אונז, אין אונזער שטעדטעל, פון וואנען איך אליין קום, האט דעמאלסט געוועל־טיגט דער רבי ר׳ דוד׳ל. דאס איז שוין גאנץ היבשלאך דערינען.

גענוג צעהנדליגער יאהרען זינט יענער צייט פארלאפען — איך בין נאך דעמאלסט א יונג בחור׳ל געוועזן — ערשט ארויס פון ישיבה, געקומען צום טאטען אויף יום־טוב בין איך געקומען — דאס גאנצע שטעדטעל איז דאן מיט מיר געגאנגען כאדאראם — עפעס איין קלייניגקייט ר׳ משה אהרן׳ס זוהן!

די פענסטער פון אונזער שטוב פלעגען יעדען בייננאכט זיין באלאגערט — אפילו פון די שעהנסטע באלעבאטים פון שטעד־טעל, בלויז זיך צוזוהערען, ווי מיין טאטע ר׳ משה אהרן, ישראל יעקב חיים׳ס איז געזעסען מיט זיין ישיבה בחור, מיט מיר הייסט עס, מיט זיין ברוך זלמן, און געלערענט א שטיקעל עין

יעקב אדער אַ בלאַט גמרא אין בבא בתרא„ צו גאַר זיך געפּיל־פּולט איבער אַ שטיקעל „הלכה‟. גאָט און לייט האָבען מיין טאַטען מקנא געווען אויף אַזאַ גייסטיגען פאַרמעגען!

אָבער שעהן איז געווען דאָס אָנקומען פון די ימים טובים, דערהויפּט צו הקפות ווען איך מיט׳ן טאַטען זענען אַריינגעקומען אין ר׳ עצי'ס באַראַלס קלויז. שוין באַלד ביים עפענען די טיר האָט זיך געפיהלט די אַטמאָספערע פון גייסטיגקייט — ממש די שכינה האָט גערוהט.

אַלע הענגענדיגע לאַמפּען האָבען באַלויכטען די גאַנצע גרויס פון דער קלויז. עס האָבען געטומעלט און גערודערט, פון די אַהין און צוריק מאַרשירענדע אינגלאַך און קליינע מיידלאַך מיט זייערע כלי זיין אין די הענט — איך מיין מיט די פאַהנען, די ליכטלאַך אַריינגעשטעקט אין די צופלאַמטע רויטע עפּעלאַך.

אויף די בענק זענען געזעסען אויסגעזעצט די „פּני‟ פון שטאָדט. קופּקעלאַך אידען זענען געשטאַנען דאָ און דאָרט מיט פאַרלייגטע הענט אויפ׳ן הארצען, אדער גאַר צוזאַמענגעפלאָכטען איינער אינ׳ם אַנדערען, און צוהיצטע שטאַרק פאַרטיפט אין זייערע שמועסען.

דער שמש איז געווען שטאַרק פאַרשוויצט פון דעם אַרויפשרייען צו די „אויבער פענסטער‟ פון דער ווייבערשער אָפּטיילונג, זיי זאָלען ניט טומלען אַזוי הויך אויפ׳ן קול!

דער גבאי, ר׳ נתן נטע, מיט זיין בייכיגען אויסזעהן און קוטשעראַווע פאות, האָט זיך ענדליך דורכגעשפּאַרט דורכ׳ן צוזאַמענגעדרונגענעם עולם זיינע ווייסע זאָקען אַרויפגעצויגען כמעט ביז די קנאָכלען, האָבען זיך אַלעמאָל באַוואויגען און אונטערגעטאַנצט פיהרענדיג דעם רבי׳ן אַליין מיט זיין שווער באַקעלטע פון אַלע זייטען שטריימעל, מיט דער לאַנגער זיידענער גלאַנצענדיגער זשופּעצע. דער חזן ר׳ אליה מיט׳ן טלית איבער׳ן גרויסען מחזור האָט אָנגעפירט מיט׳ן אָנגאַנג פון די הקפות. און ווען ער איז געקומען צום פּסוק „עוזר דלים‟ האָט זיך דער גאַנצער עולם אידען וואָס שטעהען האַרט ביים אַריינגאַנג פון

קלויז, געגעבען אַ כאַפּ אויף און מיט אַלערליי שטימען אונטער־געהאָלפען דעם חזן.

אין קלויז איז געוואָרען לעבעדיג, פרעהליך, קוויטשענדיגע קול׳כעלאך פון די קליינע אינגלאך מיט זייערע פאָהנען אין דער לופטען, האָבען פאַרטויבט די אויערען. יעדער איד האָט זיך געפיהלט אַזוי בהרחבה׳דיג — אויפגעלעבט. ממש אין זיבע־טען הימעל. אַלץ האָט געהאַט אַזאַ זיסקייט, אַזאַ געשמאַק — עס האָט געקענט פאַרכשופ׳ען דעם אידענ׳ס נשמה, דעם גייסט, דעם גאַנצען אויסזעהן פון מענשענ׳ס צורה. יעדער האָט זיך געפיהלט אַז ער איז געקומען צו הקפות. עס האָט זיך אַזוי גע־קענט אָפציהען — ביז העט אין דער נאַכט אַריין. יעדער איד האָט געמוזט טראָגען די תורה. אינגלאך מיט זייערע טאַטעס צוזאַמענגעפּרעסט ווי איין „שטיק איד״ האָט געטראָפען אַן הקפה.

ווער האָט דעמאָלט אין זינען געהאַט פרנסות, געשעפטען, מסחרים — אַלץ האָט אויסגעקוקט יום־טוב׳דיג, יעדער איד איז געווען אַ תקיף, אַ גאַנצער אויפטוער — עפּעס אַ קלייניגקייט ביי אונז אין שטעטעל אין רבינ׳ס קלויז צו די הקפות!

אפילו כמעט שידוכים זענען צו הקפות טראָגען דורך די פאַרליבטע אויגען, ווי געשלאָסען געוואָרען.

דאָס וואָרט אַליין, ביים רבי׳ן צו הקפות, וואָס רעדט איהר, ר׳ משה, וואָס רעדט איהר! איין ווען איך טו מיך אַ דערמאָן אין יענע זיסע צייטען, אין יענע גוטע טעג, אין די פרעהליכע יום־טובים, געהט מיר אַזש דורך אַ זיסקייט פון די אויסגערונענע פאַרלאָפענע צייטען. וואָרים ניט זינדיגען מיט די רייד, זיצענ־דיג דאָ אין שוהל ר׳ משה, און וואַרטען אויף אַ שטיקעל אָפּ־געפאַלענער הקפה, פּילייכט וועט אימיצער דאָרט פון אויבען אונ־טערזאָגען וועלען מיר אפשר אויך פאַרזוכען דעם „טעם״ פון אַ שטיקעל תורה צודריקען צום האַרצען. איי, ווי עס נאָגט נאָך אַ שטיקעל תורה! דאָך איינגעפּלאַנצט פון קינדהייט אָן — נאָר ווער רעכענט זיך דען דאָ מיט אייך?

ווער זענען דען דאָ ביי אונז אין שוהל די פיהרער?

די עגל־הזהב׳דיגע מנהיגים!

ווער אויף ווּעמען קוקט זיך אום, ווען מען מאַכט אַ שווער לעבען. און וואָס איז דען דער פּועל יוצא דערפון פון אַמאָליגען לערנען אין דער ישיבה?

— שאַט ר׳ משה, רופט זיך אָפּ איין איד צום אַנדערען, מיר דוכט זיך אַז מען רופט, יאָ, בנאמנות — ער ווייזט אַן מיט דעם פינגער, — אייך מיינט מען עס. געהט ר׳ משה און האָט מיר אויסגעבעטען אַ גוט יאהר, האָט מיר אויסגעבעטען.

# ליבע בלייבט יונג

(אויף מיין באזוך אין א מושב זקנים)

אין יענער שטאט וואו מיר איז אויסגעקומען צו פאר־ברענגען מיין וואקיישאן האב איך געפונען פאר נויטיג צו באַ־זוכען דעם מושב־זקנים. מיינער א באקאנטער האט מיך געבראכט אהין. באלד ביי מיין ערשטען אריינקומען איז מיין בליק ס׳ערשטע געפאלען אויף א אידען א גרייז־גרויען מיט מיין ערשטען שלום־עליכם איהם געבען האב איך מיך באלד דערפילט היימיש צו איהם.

נאכדעם ווי איך האב מיך מיט איהם אביסעל צורעדט ווע־גען אנשטאלט, האט דער גרייז־גרויער זקן שווער אפגעזיפצט. ווען איך האב איהם א פרעג געטאן ,,זיידעניו'' וואס זיפצט איר אזוי שטארק ? האט ער אויפסנויי באך א גרעסערען זיפץ געטאן און האט מיר אנגעהויבען פאמעלעך צו דערצעהלען זיין געשיכטע פון פארגאנגענהייט :

ווען איך בין נאך א יונגער בחור׳ל געווען — דערצעהלט מיר דער אלטיטשקער — האב איך מיך באקענט ביי אונז אין שטעטעל מיט א מיידעל חנה׳לע. האט מען זי גערופען. שעהן ווי די גאנצע וועלט. ממש אין צורה ניט אריינצוקוקען.

איך יענע צייטען, כ׳ווייס ניט צי איהר געדענקט — מאכט צו מיר דער אלטיטשקער — האט א בחור מיט א מיידעל זיך ניט געטארט ווארפען צופיל אין די אויגען פאר דער עפענטליכ־קייט.

נו האבען מיר זיך געמוזט טרעפען טאקע אין געהיים, ווייל ליבע אין יענע צייטען איז געווען א ריינע און ערליכע, ניט ווי איז היינטיקער צייט. — מאכט צו מיר דער זקן, דערמיט איינקניי־טשענדיג ס׳לינקע אויג. עס הייסט א וואונק געטאן איך זאל מיר אנשטויסען — היינטיגע צייטען איז דאך גאר קיין ליבע

ניט. מ'לעבט דאך אט אזוי גלאט אז א פארוואס! אז דא אין אמעריקע טראגען זיי דאך די „ברידזשעס'' טאג און נאכט — נאר מען שפילט ברידזש.

מיין חנה'לע וואלט ניט זיין אזוי — זיפצט דער אלטער אפ פאר מיר — און געהט אן ווייטער מיט זיין געשיכטע. חנה'לע איז געווען א מלאך א גאלדענע נשמה. נאר מסתמא ניט באַשערט מיינע צו זיין!

טרעפען פלעגען מיר זיך אין וועלדעל וואו קיין שום בן־אדם איז דארט ניט געקומען. און צווישען די געדיכטע בוימער־בלעטער פלעגען מיר טרוימען פון אונזער ליבע, און פארשיידענע פלענער אויסגעארבייט. אבער ס'איז ניט ווי דער מענש דענקט ניט באשערט מיר צו האבען אזא גליק.

פרעמדע מיילער האבען זיך דערטראגען צו איהרע עלטערען — און געמאכט א צווישענשייד צווישען אונז. דענקט ניט אז אזוי גרינג איז אונז אנגעקומען דאס צושיידען זיך? גענוג טרערען דערביי פארגאסען. מיר האבען שוין אפילו איינמאל אפגעמאכט צו אנטלויפען. אבער איהר שטרענגער פאטער איז געווען געשיקטער פון אונז און פארלאפען דעם וועג און אונזערע גאלדענע חלומות צושטערט. און מיך פון שטעטעל פאריאגט. געלאפען בין איך ווי ווילד און צעמישטקייט אין אן אנדער שטאדט האב איך מיך אביסעל אנגעשטעלט און און אפטער גרוסען באקומען פון מיין חנה'לע.

און ווען איך האב דערהערט, אז איהר טאטע האט זי פאר־קנס'ט צו אן אומגעלומפערטען בחור, האב איך געפילט יענעם מאמענט ווי פון זינען ארונטערצוגעהן. איך האב דעם גרויסען וועהטאג ניט געקענט פארטראגען און געבליבען פארשלאפט. ווען איך בין פון האספיטאל ארויס, האט מען מיר איבערגעגעבען אז מיין הארצענ'ס געליבטע חנה'לע איז שוין פארהייראט צו יענעם חתן, וואס איהר טאטע האט פאר איהר אויסגעקליבען.

איך האב געפילט זעהר דערשלאגען און פאר בושה און הארץ וועהטאג זיך אפילו מיט מיינע עלטערען ניט געזעגענט און אוועק וואו מיינע אויגען האבען מיך דעמאלט געטראגען. איך בין געווארען א רייזענדער, א נע־ונעד'ניק. ווי געטאגט ניט גענעכ־

טיגט, און אזוי זיך אפגעשלעפט היבשע עטליכע יאהר. ביז עס האט מיך פארטראגען אין גאלדענעם לאנד.

קומענדיג אהער בין איך שוין ניט געווען קיין יונג בחור'ל. זיך צושלאגענדיג צו א שטיקעלע ביזנעס האבען מיך לאנדסלייט און שדכנים באפאלען ווי פליגען, און מ'האט מיך פארהייראט צו א מיידעל וואס איך האב צו איהר קיין ליבע ניט געפילט.

אין מיינע געדאנקען אי מיר תמיד די בילד פון מיין געליבטער חנה'לען געשטאנען און אט אזוי האט מען אפגעלעבט א וועלט; געבוירע קינדער, ערצויגען, זיי חתונה געמאכט. אלע קינדער זענען גוט אפ. נאר פלאץ פאר'ן אלטען טאטען, איז ניטא. און אט אזוי ליג איך שוין אין מושב־זקנים היבשע עטליכע יאהר און מען ווארט אויפ:ן טויט. פון צייט צו צייט קומען אפילו יא מיינע קינדער מיך זעהען, אבער עס באקומט מיר ניט מיין לעבען. מיין אלטע איז שוין לאנג אויפ:ן עולם האמת. א גוטע בעטעריין זאל זי זיין. א גוטע איידעלע נשמה געווען. מיך אפגעהיטען ווי דאס אויג פון קאפ. מעהרערע מאל פלעג איך זיין שטארק בייז אויף זיך אליין: פארוואס קומט עס איהר אזוי? אבער א בייזער ווארעם איז תמיד געזעסען טיף פארבארגען אין מיין הארצען און נאר גע'חלומ'ט פון מיין יוגענט, פון מיין חנה'לען. איהר קוקט מיך אן פארטראכט — מאכט צו מיר דער אלטיטשקער — טשיקאווע קוק איך אייך אויס מיט מיין געשיכטע. אבער דאס איז נאך א נוה קעגען יענער געשיכטע, און ווייזט מיר אן אויף א צווייטען גרייז־גרויען מאן פון זיין עלטער. קומט וועל איך אייך באקענען מיט איהם וועט איהר עס מעגען באשרייבען.

און דער זקן האט מיך צוגעפיהרט צו זיין קאלעגע כמעט אין זיינע יאהרען. מיך פאר איהם פארגעשטעלט ווי שוין האבענדיג געווען מיט מיר ווי פון לאנג באקאנט.

איך האב מיך צוגעשפארט אויף זיין בעטעל און פארפירט א שמועס מיט איהם.

וועגען זיין געשיכטע — אין דער נעקסטער ערציילונג.

# זיין ליבע דערגרייכט

פון מיין באזוך אין מושב־זקנים האט מיך שטארק פאראינ־טערעסירט די איבערלעבונג, וואס דער צווייטער „זקן" האט מיר דערצעהלט.

און ער האט אנגעפאנגען בזה הלשון:

— אט ווי איהר קוקט מיך אן בין איך א איד שוין איבער אכציק יאהר. און דאך קען איך ניט פארגעסען די איבערלע־בונג פון יונגען־לעבען. איהר שמייכעלט — זאגט ער צו מיר — נאך איידער איך דערצעהל אייך. איהר מעגט עס אויסהע־רען, און אפילו עס באשרייבען. מיך קימערט עס ניט; אדרבא זאלען דאס מענשען לעזען, און אויך מיטפילען דאס זיסקייט פון טעם וואס איך האב געפילט.

— ווען איך האב מיך באקאנט מיט מיין רחל'ען איז זי דעמאלט אלט געווען קוים פופצעהן יאהר. געזונט זאל זי מיר זיין. אט זיצט זי דארטען, איהר מעגט זיך פארגינען א קוק טאן אויף איהר, מיט לאנגע יאהרען זאל זי זיין. איהר מיינט אודאי אז אזוי גרינג איז זי מיר אנגעקומען מאכט איהר א גרויסען טעות.

— איהר פאטער, פארשטעהט איהר מיך, איז געווען א פאר'עקשנ'טער איד. געשפילט זעהר א גרויסע ראלע אין יענעם שטעטעל פון וואנען מיין רחל'לע קומט. א איד וואס איז געווען דורך און דורך געקנאטען פון לויטער יחוס.

— נו, ווי פארשטעהט איהר, האט ער געקענט טאן א שידוך מיט א שניידערס א זוהן? מיין גליק איז געווען וואס מיר האַ־בען ביידע געוואוינט אין איין גאס, פלעגען מיר זיך ביידע אפט באגעגענען. און אט אזוי פון זיך אליין האט זיך אין אונז ביי־דען אנטוויקעלט א הייסע ליבע. וואס איהר האט גאר קיין

באַגריף ניט. איהר לאַכט, — מאַכט צו מיר דער אַלטיטשקער נאָכדעם ווי ער האָט אויף מיר באַמערקט אַ שמייכעל אויף מיינע ליפּען.

— עס דערמאַנט מיר, פּונקט ווי דאָס וואָלט נעכטען פּאַסירט. ווען איך האָב זיך מיט מיין רחל׳ן צום ערשטען מאָל „בגנבה" געטראָפען אין׳ם וועלדעל וואָס פירט אונטער׳ן שטאָט.

„יענע זיסע מאָמענטען וועל איך קיינמאָל ניט פאַרגעסען ווי זי האָט צום ערשטען מאָהל איהר קלאָר ווייסע האַנט אויף מיין שולטער אַרויפגעלייגט און מיך אַרומגענומען. איך האָב זי הארציג צום האַרצען צוגעדריקט און אונזערע ליפּען האָבען זיך צוזאַמענגעפּרעסט, און אַ הייסער געשמאַקער קוש האָט אָפּגע־הילכט איבער דער לענג און ברייט פון פאַרצווייגטען בוימער־וועלדעל...

„געזעסען זענען מיר ביידע פּונקט ווי דאָס לשון וואָלט אונז אָפּגענומען געוואָרען, ווען מיר האָבען ערוואַכט איז שוין געווען אַביסעל פינסטערליך. מיט געאיילטע טריט האָבען מיר ביידע אין שטעטעל אַריינמאַרשירט ווי צוויי „גנבים", מורא־האָבענדיג פאַר דעם אייגענעם שאָטען.

„מיט צוויי באַזונדערע זייטיגע געסלעך האָבען מיר זיך איינציגווייז „בגניבה" אַריינגעכאַפּט צו אונזערע צוויי באַזונדע־רע היימען מיט׳ן געדאַנק אַז קיינער טאָר פון אונזער געהיימער „ליבע" ניט וויסען.

„פון צייט צו צייט פלעגען מיר זיך טרעפען אַזוי אַז קיין זייטיג אויג זאָל אונז ניט באַמערקען.

„און אונזער געהיימע ליבע איז אַזוי אַנגעגאַנגען אַ פּאָר יאָהר. ביז איינמאָהל ווען איהר פאָטער האָט זיך דערוואוסט דערפון, איז אונזער באַגעגעניש געוואָרען שווערער. די ליידען וואָס מיין רחל׳ע איז אויסגעשטאַנען פון איהר פאָטער האָבען מיר מיינע זייטיגע חברים דערצעהלט. אָבער העלפען דערצו האָב איך ניט געקענט.

„מיט מיינע אָפּגעשפּאַרטע עטליכע רובעל וואָס איך האָב ביי זיך געהאַט, האָב איך באַשלאָסען מיט מיין רחל׳ען אַנטלויפען ווי אונזערע אויגען וועלען אונז נאָר טראָגען.

„דאָס איז געווען אין אַ שבת־צו־נאַכט. ווען איהר פאָטער איז אַוועק אין בית־המדרש. מיר האָבען געוואוסט ער וועט זיך דאָרטען פאַרזאַמען, ווייל יענעם אָוונט האָט געזאָלט אַ בעל־דרשן רעדען דאָרט. האָבען מיר אויסגענוצט די גלענצענדע גע־לעגענהייט זיך אָנגעפּאַקט אונזערע זאַכען און אַוועק אין דער וועלט אַריין.

„אָבער ווייט האָבען מיר ניט געקענט דערגרייכען, ווייל צומאָרגענס, ווען מיר זענען אָנגעקומען אין אַ דערבייאיגען שטע־טעל ווי דאָרט איז געווען אַ וואָקזאַל, האָבען מיר זיך ביידע צו־געשפּאַרט אַביסעל זיך אויסרוען פון אונזער נאַכטיגער „נסיעה״, און מיינענדיג אַז דאָ וועלען מיר שוין בלייבען פרייע מענשען, נישט האָבענדיג געווען געשטערט פון קיינעם.

„מיטאַמאָל האָבען מיר באַמערקט יצחק־יואל, דער בעל־עגלה, האָט זיך אָפּגעשטעלט, אַרויס פון „בויד״, און נאָך איהם איהר שטרענגער פאָטער און זיך געלאָזען גלייך צו אונז.

„עס פאַרשטעהט זיך אַז זיי האָבען אונז ביידען באַמערקט נאָך פון דערווייטענס. איך האָב מיך דאַן מעהר ניט געקענט העלפען און זיך גענומען לויפען, וואו מיינע אויגען האָבען מיך געטראַגען.

„פון ווייטענס, ווען איך האָב מיך אומגעקוקט האָב איך געזעהן ווי זיי געהען אין דרייען צוריק צום „בויד״. ביידע ביים זייט און מיין רחל׳ע אין דער מיטען.

„איך האָב מיך צוריק אין שטעטעל שוין מעהר ניט געטאָרט אומקערען. פאַרבליבען בין איך אין אַ דערבייאיג שטעטעל, און געבליבען דאָרט אַרבייטען.

„די צייט האָט זיך גענומען פאַר מיר אויסציהען און פון בענקשאַפט האָב איך געפילט אַז מיין האַרץ אין מיר ווערט צו־ריסען.

„און אָט אַזוי׳ ווי איהר קוקט מיך אָן״ — מאַכט צו מיר דער אַלטיטשקער — „האָט זיך פאַר מיר גענומען ציהען די צייט אַן אַן אויפהער.

„עס איז פאַרביי אַ פּאָר יאָהר זינט יענער צייט. לענגער אין שטעטעל האָב איך שוין מעהר ניט געקענט פאַרבלייבען.

גרויסען פלעג איך גראדע יא פון איהר באקומען. אבער קיין גרויסע היילונג צו מיין אנגעוועהטאגט הארץ, פלעגט עס ניט זיין. און איך האב באשלאסען אפפארען.

,,מענשען אין יענער צייט פון אונזערע ארימיגע שטעטלעך האבען געגומען צו עמיגרירן. איך בין שוין געווען א בחור׳ל איבער צוואנציג, אין קורצען וואלט איך זיך דארפען באלד שטע־לען צום ,,פריזיוו׳׳. האב איך באשלאסען פארען קיין לאנדאן.

,,אין יענעם שטעטעל ווי מיר איז אויסגעקומען געהען דעם גרעניץ, האב איך זיך אנגעטראפען מיט א סך באקאנטע פון מיין שטעטעל.

,,דאס איז געווען ארום דריי פארטאג ווען מיר האבען ,,גע־שווארצט׳׳ די גרעניץ. האב איך צווישען די מענשען דערקענט איהרע עלטערען, און עס האט מיר לאנג ניט גענומען, און איך האב מיך צוגעשארט צווישען געדראנג פון די לויפענדע מענשען, און דערזעהן מיין רחל׳ען צווישען זיי.

,,אין יענעם מאמענט האב איך מיך פארגעסען וואו איך געפין זיך און א כאפ געטאן מיין הארצענ׳ס געליבטע, רחל׳ע, ביים האנט.

,,פון איבעראשונג האט זיך ביי מיר ניט ווילענדיג א ווילדער אויסגעשריי ארויסגעריסען, דאס אי געווען שוין כמעט ביים ענד פון גרעניץ, פון דעם נייעם לאנד.

,,איך געדענק ניט ווי אזוי עס האט פאסירט, נאר ווען איך בין צו זיך געקומען האב איך זיך דערפילט צווישען צוויי פאלי־ציאנטען, וועלכע האבען מיר דערקלערט, אז זיי פירען מיך צו־ריק קיין רוסלאנד. פון יענער פארטיי מענשען איז שוין מעהר קיין שפור פארבליבען, צווישען זיי אויך מיין רחל׳ע פארשוואונ־דען, און מיך ,,פא־אוטאפו׳׳ צוריק אין מיין שטעטעל געבראכט און מיך אין ,,טיורמע׳׳ איינגעזעצט.

,,עטליכע מאנאטען בין איך אזוי אפגעזעסען ביז עס האט דערגרייכט מיין צייט פון ,,פריזיוו׳׳, און מיך פאר א סאלדאט אפגעגעבען.

,,אויסדינענדיג מיין ,,סלוזשבע׳׳ האט מיך פון ס׳ניי געצווי־גען אהין וואו איך זאל קענען מיין רחל׳ען זעהן.

,,ווען איך האב פון מיין קרוב א שיפסקארטע באקומען בין איך קיין אמעריקע שוין מעהר דורך יענעם אומגליקליכען ,,גרע־ניץ שטעטעל'' נישט געפארען, און זיך בשלום קיין באסטאן דערשלעפט.

,,די ערשטע צייט, ווי אלע אריבערגעקומענע, א פעקעל צרות געכאפט. און זיך דערשלאגען צו א ביזנעס. עס האט מיר אפגעגליקט און בין אין א קורצער צייט רייך געווארען. אבער פון מיין פארמעגען האב איך קיינמאל קיין נחת ניט געהאט. מיר איז דער קאפ שטענדיג געווען פארנומען מיט מיין רחל'ען.

,,פון לאנדסלייט האב איך זיך דערוואוסט, אז איהרע על־טערען האבען ניט געהאט גענוג געלט מיט וואס קיין אמעריקע צו קומען, זענען זיי פארבליבען אין לעמבערג, גאליציע. איך האב אויסגעפונען איהר אדרעס דורך איהרע עלטערען'ס לאנדס־לייט. מיינע ביזנעס געלאזט פירען פון א פעהיגען מענעדזשער, און אליין געפארען צו זעהן מיין הייס־געליבטע רחל'ע.

,,געטראפען האב איך זיי אין א זעהר ארימען צושטאנד. איהר פאטער איז שוין געווען פון צוויי יאהר טויט. מיין רחל'ען מיט איהר מוטער האב איך מיט זיך קיין אמעריקע געבראכט. א חופה געשטעלט, און זיך געלעבט מיט איהר זעהר גליקלאך. קיין מענש אין דער וועלט איז ניט געווען אזוי גליקליך ווי איך מיט מיין רחל'ען.

,,ביידע האבען מיר אונזער וועלט צופרידען געלעבט, ער־צויגען א שעהנעם דור. אונזערע קינדער אין שידוכים ניט גע־שטערט, זזייער ליבע ניט פאר'סמ'ט... און אויף די עלטערע יאהרען זיינען מיר ביידע אויך צוזאמען אין היגען מושב־זקנים, שוין היבשע עטליכע יאהר. קיינער קען אונז ניט צושיידען.

,,און ווען איך קוק וואס מעהר אין איהר פנים, מעהר שפי־געלט זיך מיר אפ איהר יונג בילד און קוקט מיר אויס אזוי זיס און געשמאק, ווי אין יענע מאמענטען, ווען איך האב איהר דעם ערשטען קוש געגעבען אינ'ם וועלדעל פון אונזער קליינעם שטע־טעל...''

# אַ מאַמע׳ס האַרץ

(מלחמה בילד)

עס רוישען און קאָכען די שטורמישע ים׳ען,
עס בלאָזט און עס פייפט דער שניידענדער ווינט
ס׳גיסען זיך טייכען טרעהרען פון דער מאַמען,
עס נאָגט איהר האַרץ, עס בענקט זיך נאָכ׳ן קינד!

דאָרט, אין די ווייטע בלוטיגע פעלדער,
ווערט ער געטריבען, ווי אַ בלודנע שאָף!
פאַר זינד ניט באַגאַנגענע, האָט כּוּיכול
אויף איהם אויסגעגאָסען אַ ביטערע שטראָף!...

עס לאָזט ניט די מאַמע אַרויס דעם תהלים
און וויינט איהר אין טרעהרען דורך טאָג און דורך נאַכט:
ווער ווייסט, צי עס לעבט נאָך איהר טייער בן יחיד?
צי האָט ניט פאַרשלונגען איהם די בלוטיגע שלאַכט?!...

צניעות׳דיג גלאַנצט זי די אויגען צום הימעל
ס׳שעפּטשען די ליפּען אַ גאַנצען מעת לעת:
נעהם בעסער צו ביי דער מאַמען די יאָהרען,
שענק מיין קינד׳ס לעבען דורך דיין געטליכען נס!...

# זיין פאַרלוירענער גן־עדן

(מאָנאָלאָג)

— אַנטקעגען דעם וואָס איהר זאָגט גוטע קינדער! — מאַכט צו מיר אַ איד זיצענדיג אויף אַ באַנק אין דעם קליינעם בית המדרש, און וואַרטענדיג אויף מעריב. — איהר מעגט אויס־הערען, פאַראַן געווג צייט ביז עס וועט זיך באַווייזען שטערען אין הימעל. סיי־ווי שבת־צו־נאַכט, וואָס איז דאָס איילעניש אַהיים, הום? ... מיין היים איז שוין פון לאַנג צובראָכען גע־וואָרען. זיך דערלעבט גוטע צייטען. אויף די עלטערע יאָהרען זיין אַ באַרדער, און ווען מיין ברכה זאָל מיר לעבען, ווער וואָלט דאַן געווען גלייך צו מיר? עס וואָלט דאָך געווען אַ ברכה אויף מיין גאַנצער הויז־געזינט. ניט דאַרפען ביי די יאָהרען זיך אַרומ־וואַלגערען אין פרעמדע הייזער! מיין גן־עדן איז אַ פאַרלוירע־נער! נישטאָ אַמאָליגע שבתים, יום־טובים און די פרייטאָג־צו־נאַכט׳ן. אוי־וועה איז מיר! ווען איך טו מיר אַ דערמאָן אינ׳ם פרייטאָג־צו־נאַכט! אַריינקומענדיג אין שטוב נאָך אַ שווערען טאָג אַרבייט, איז מיר מיין ברכה, אַ ליכטיגען גן־עדן זאָל זי האָבען, און זיין אַ גוטע בעטערין פאַר׳ן היינטיגען ימים־נוראים, וואָס דאַרף אין גיכען אָנקומען, — באַלד געלאָפען אַנט־קעגען מיט׳ן טיכעל איבער די אויערען, אַן אויסגעפוצטע, אַ חנ׳עוודיגע מיט איהר ליבליכען זיסען שמייכעל, ממש די שכינה האָט גערוהט אויף איהר ליכטיגען פנים. מיך אַזוי האַרציג און ליבליך באַגריסט, מיר געהאָלפען אַראָפציהען מיינע איבערשטע מלבושים. זיך איינגעוואַשען און איבערגעטאָן מיינע צוגעגריי־טע שבת׳דיגע קליידער. אַוועקגעגאַנגען אין שוהל אַריין, אָפּגע־דאַוונט, געקומען אין הויז, מיט אַ ברייטען גוט־שבת צו מיין ברכה׳ן.

אויפ׳ן טיש האָבען די בענש ליכט אַזוי בהרחבה׳דיג גע־

ברענט. אין אַלע צימערען האָט געשוועבט אַ גייסטיגע אַטמאָס־פערע. די קינדערלאַך האָבען זיך געבערעהט, און מיר געהאָלפען מיטזינגען דעם „שלום־עליכם״. הייִנט די „זמירות״. איי, ווען איך טו מיך אַ דערמאָן אין די שבת׳דיגע זמירות.

ווי געשמאַק, צוקער־זיס עס איז מיר געווען אויף דער נשמה.

אַלע קינדער אַרום דעם געדעקטען טיש, מיט די שבתדיגע מאכלים. מיין ברכה, אַ מליץ טוב און אַ גוטען זכות זאָל זי טראָגען פאַר׳ן כלל ישראל איז מיר שטענדיג געזעסען אַנטקעגען, מיט איהר שמייכלענדיגען פנים, און שעהנעם ברייטען שטער־רען, און אַנגעקוואָלען פון איהר מאַנ׳ס זמירות זאָגען. איי, ווען איך טהו מיר אַ דערמאָן אָן יענע זיסע ערהאינערונגען, ווי געשמאַק ווי גוט עס איז מיר געווען!

— און ווען מיר פלעגען ביידע, איך מיט מיין ברכה׳ן, קומען אויף אַ שמחה, אַדער סתם אויף אַ פאַרזאַמלונג, ווי זי האָט זיך דאָס אַזוי געגרויסט מיט מיר. און באַלד צו יעדען איינעם, „איר ווייסט דאָס איז דאָך מיין יצחק הערש!״ — זי האָט נאָר געוואָלט אַז יעדער זאָל וויסען, אַז איך הייס יצחק הערש. און אַז איך בין דאָס איהר מאַן!

איבעראַל און אומעטום זיך געריהמט מיט מיר. מיין נאָ־מען גרויס געמאַכט. הייִנט, ווען עס פלעגט קומען די הייליגע טעג, די ימים־נוראים, ביידע צוזאַמען, איך מיט מיין ברכה׳ן זע־נען געגאַנגען אין שוהל אַריין „אויסקלויבען״ סיטס פאַר אונז!

צוזאַמען געגאַנגען גאָט בעטען. געקומען די ערשטע צום דאַווענען. יעדערער האָט אַלעמאָל עהאָט אַזאַ כבוד, אַזאַ דרך־ארץ פאַר אונז. עפּעס אַ קלייניגקייט, יצחק הערש מיט ברכה׳ן! ווער האָט אונז דען ניט געקענט?

אומעטום צוזאַמען אַזוי פאַר יאהרען און יאהרען, אַלעמאָל געמיינט עס וועט אַזוי אייביג און אייביג זיין!

— מיר אָפּגעשטאָרבען זעהר יונג, אַ ליכטיגען גן־עדן זאָל זי האָבען. מיך איבערגעלאָזט מיט קליינע קינדער! און וואָס האָב איך דעמאָלט דען געקענט טאָן, חתונה האָבען?

— ניט פאַר מיר, ניט פאַר אַזאַ אידען ווי ר׳ יצחק הערש!
— ניט פאַר מיר איז דאָס געווען אַזוינס, ווי חתונה האָבען.
ווייל פאַרשטעהט איהר מיך, אַזעלכעס ווי מיין ברכה וועל איך שוין אויף מיין גאַנצען לעבען ניט האָבען.

מיין גן־עדן איז פאַרלוירען געגאַנגען, זינט דעם טאָג פון איהר טויט!

און וואָס מיינט איהר דען? האָב איך אויסגעפירט? זיך גוט אַנגעמוטשעט און געפּלאָגט ביז איך האָב דערלעבט צו זעהן מיינע קינדער פאַר גרויסע!

געַנוג פּעקלאַך צרות אַריינגעכאַפּט! געאַרבייט בייטאָג און דורך די נעכט, געצאָהלט פאַר די לימודים. זיי אויסגעלערענט אידיש, אַ גוטען העברעאיש, פון ענגליש איז דאַך אָפּגערעדט!

— אָבער זיי אויסלערנען ווי זיך צו באַנעהמען מיט זייער טאַטען אויף די עלטערע יאָהרען, דאָס האָב איך ניט געקענט!

עס הייסט איך מיין ניט חלילה צו זאָגען, אַז זיי זענען שלעכטע קינדער! פאַרקעהרט, זעהר גוטע קינדער. נאָר פּלאַץ פאַר׳ן טאַטען איז ניטאָ!

—זיי באַשולדיגען, זאָגט איהר חלילה, ווי קען דאָס אַ טאַטע טאָן! אַז זיי אַליין זענען שוין איצט אויך טאַטעס און מאַמעס, און כמעט אַלע פון מיינע קינדער מאַכען אַ שווערען לעבען.

איך דאַרף אייך דערצעהלען וואָס עס מיינט היינטיגע צייטען אַ לעבען מאַכען? זעהר שווערלאַך, יאַ אַנטקעגען דעם וואָס איהר זאָגט אויף מיינע עלטערען יאָהרען ניט קענען זיין ביי אַ קינד?

וועט איהר באַלד הערען. דער זוהן מיינער, זאָל געזונט זיין, ער וואוינט ניט מיט דער ווייב, ניט גוט געטראָפען!

איהר ווייסט דאָך, די היינטיגע יונגע ווייבלאַך, עס איז קיינמאָל ניט געַנוג, וויפיל דער מאַן פאַרדינט. ניין, מיין ליבער איד, דאָס איז ניט מיין ברכה!

היינט דער צווייטער זוהן, וואוינט ווייטליך אביסעל. ער וואוינט אַזש אין פלאָרידאַ, וואוינט ער. נו? איך האָב איהם

שוין ניט געזעהן א היבשע פאר יאהר, זאל ער מיר געזונט זיין. דער דריטער זוהן, זאגט איהר? ער וואוינט גראדע, ניט ווייט פון מיר, באזיצט זעהר א שעהנע הויז, מאכט א פיינעם לעבען, ער וויל גראדע דער טאטע זאל זיין מיט איהם. נו, ווייסט איהר דאך די יונגווארג, זיך פארליבט, ניט איבערגעקליבען, א טאטע ווי איך, קען דאס ניט צוזעהן. מיין „שנור" קען זיך ניט צו־זאמענרעדען מיט מיר, — אז „איטאליענערקע" — איך זאג אייך, זיך אריינגעפאסט צו יצחק הערשען, איהר מעגט מיר מיט־פיהלען . . . זיך דערלעבט א גוטען נחת. ווען מיין ברכה זעהט דאס, וואלט זי צוריק געשטארבען פון עגמת־נפש. וואס־זשע איהר וואונדערט זיך, ווי אזוי איך האב דאס איבערגעלעבט? אט אזוי, מיין ליבער איד, לעבט מען איבער! בעסער פרעגט ניט. זאלט איהר ניט זיין געפרואווט דערצו.

— וואס־זשע איהר דענקט באמת, אז איך בין שוין אזא אל־טער מאן. קוקענדיג אויף מיינע גרויע האר, וואלטען מענשען מיינען אז איך בין שוין א איד אין די אכציגער. ווייס איך וואס! אט מען לעבט און שוין!

הייסט עס, ווילט איהר טאקע וויסען פון מיינע איבעריגע קינדער!

אין אזוי. מיינע צוויי טעכטער וואוינען שוין אביסעל צו ווייטליך פון מיר. באפאלען מיט „פיסקליאטעס". קליינוואַרג, זייענע מענער ארבייטען געננוג שווער אויף זייער לעבען צו מא־כען, קליינע ארימע רומס, וואס פארשטעהט איהר ניט, אז פארן טאטען איז ניטא קיין פלאץ.

די דריטע טאכטער מיינע, איהר איז שוין אפילו, ניט צו פארזינדיגען, זעהר גוט, געפינט זי זיך אין באפאלא. פאר מיר איז דאס שוין גאנץ ווייט. ווייל, פארשטעהט איהר מיך, זינט איך בין דא אין קאנאדע, שוין גאנץ היבשלאך, אריבער פערציג יאהר, האב איך קיינמאל ניט געהאט די מעגליכקייט צו ווערען א סיטיזען. — וואס? עס איז ניט שעהן, פון מיין זייט, אזוי! — זאגט איהר. מילא, פארפאלען, איצט איז שוין צו שפעט!

הײנט, פֿון מײַנע צװײ אײנגערע זיהן, געפֿינען זײ זיך ער־געץ װײט אַװעק — מיר דאַכט אַרום אַפֿריקע!

עס װילט זיך זײ מיטאַמאָל רײך װערן. שױן ניט מיט די זעלבע השגות, װי איך.

די קלענסטע טאָכטער מײַנע געהט אום מיט אַ באַי. נאָר זי קומט ניט צו מיר. זי שעהמט זיך פֿאַר׳ן טאַטען איהם צו װײַזען, װײל ער איז ניט קײן אידישער. ניטאָ גענוג אידישע באַיעס פֿאַר מײַן טאָכטער?

אַט אַזױ װי איהר קוקט מיך אָן — פֿון אַלע מײַנע קינדער, זאָלען געזונט זײַן האָט דער אַלטער טאַטע קײן מקום מנוחה ניט!

— איהר זאָגט, פֿאַרװאָס איך געה ניט אין מושב זקנים?

— ניטאָ גענוג פּלאַץ פֿאַר מיר. איהר װײסט דאָך, מען בױט דאָך צו אַ פֿליגעל איצט!

אײ ביז דעמאָלט — מילא, אפשר װעל איך שױן פֿאַרשפּאָ־רען די גאַנצע אַרבײט...

הײסט עס, אַז פֿון אַלע מײַנע קינדער, דאַרף איך שטעהן בײ פֿרעמדע מענשען אין אַ רום!

אַט אַזױ געהט דאָס לעבען, מײַן ליבער פֿרײנד.

געװיס, װען ברכה זאָל געװען איצט לעבען, װאָלט איך ניט געװען געקומען צו דעם! עט... שױן געװאָרינט דערצו, שױן אַט אַזױ אָפּפֿינסטערען מײַנע לעצטע ביסעל יאָהרען.

עס אַרט מיך שױן ניט! אַ ברירה האָב איך? זעהט איהר, װען עס קומען אָן אַט אַ די טעג, די הײליגע טעג, עפּעס ציהט אַזױ בײ דער נשמה. איהר האָט גאָרניט קײן באַגריף. װען איך הױב מיך אָן צו דערמאָנען, איז יענע זיסע צײַטען, װען מײַן ברכה האָט געלעבט, און עס פֿלעגען זיך אונטערוקען די הײליגע טעג פֿון ימים־נוראים, װי ליב און געשמאַק עס איז מיר געװען. אַלע װעלטען זענען געװען מײַנע. װער איז דען געװען צו מיר גלײך! מײַן הײם איז דאָך געװען אַ גן־עדן. הײנט איזאיז מײַן גן־עדן פֿאַרלױרען! הײנט אױף די עלטערע יאָה־רען אַ באָרדער. אַ פֿרעמדער, זיץ אַלײן פֿאַרוקט אין אַ זײַטיגען

ווינקעל אין שוהל. ווער קוקט זיך דען אויף מיר אום? ווען פעהל איך אויס? אַן איבעריגער, אַ פאַרבלאָנדזשעטע נשמה אויף גאָט׳ס וועלט, זעהט איהר דאָך, וואָס־זשע איהר וואונדערט זיך טאַקע אויף מיר? זאָל אייך גאָר קיין חידוש ניט זיין. אַט אַזוי לעבט מען און שוייגט!

— שאַט, מען רופט שוין צו מעריב! זעהט איהר, ווי גיך די צייט איז פאַראיבער, און מיר טוט עס גוואַלדיג הנאה, וואָס איך האָב מיך איצט דורכגעשמועסט מיט אייך. עס איז אַ פאַר־געניגען מיט אייך צו כאַפּען אַ שמועס. זעהט נאָר, מיר זאָלען זיך ניט פאַרלירען נאָכ׳ן מעריב.

— ברכו את ד׳ המבורך!...

# ישראל׳יקל „בלאַנדזשעט אַרום״

דער „ווינד״ ער בלאָזט פון אַלע זייטן.
ישראל׳יקל וואַקעלט זיך קוים אויף די פיס...
ס׳דערמאָנט איהם דער „טעם״ פון אַמאָליגע צייטען
זיך געפיהלט אַזוי קרעפטיג, צוקער זיס.

אין „בית המדרש״ געזעסען רוהיג געלערענט,
באַצויבערט געוואָרען פון יעדעס „וואָרט״.
אַז „עקשן״ געווען... דעם רבי׳ן דערצערענט...
איהם פון זיך פאַרטריבען, צו זוכען אַן אָרט.

דעם יחוס׳דיגען מוט האָט ישראל׳יקל פאַרלוירען,
פאַריאגט פון דער היים. ער „בלאָנדזשעט״ און זוכט...
פאַרגעסען האָט ישראל׳יקל וואו איז ער געבוירען,
דורך וואָס פאַר אַ „מאַכט״ ווערט ער רעגירט.

ווען ביי ישראל׳יקלען ס׳האַרץ פאַרביטערט, לאָזט ער אַ טרער.
עס קימערט ניט קיינעם, זיינע שמערצען און ליידען,
אין — „שמע ישראל״ — באַשטעהט זיין געוועהר...
דערמיט קען זיך ישראל׳יק אייביג ניט שיידען...

# אַהן קינדער

(אַ בילד)

פאַר דעם עלענדסטען מענשען אויף דער וועלט פיהלט זיך ר׳ אברהם חיים דער מלמד, עלענד וואו ער זאָל זיך ניט קעהרען און ווענדען. ר׳ אברהם חיים איז זיך נוהג אויפצושטעהן יעדען טאָג, כעלות השחר, ער׳ שטעהט אויף פון געלעגער, צינדט אָן ליכט און באַטראַכט צוטרשט מיט שרעק זיין וואהנונג. אַלעס אַרום איהם איז שטיל און איינזאַם. ער גלייכט אויס זיינע אלטע מידע ביינער, ער גיסט זיך אָפּ נעגעל וואסער, ציהט פאַוואָליע אָן זיינע מלבושים, נעהמט אונטער׳ן אָרעם זיין טלית און תפילין און לאָזט זיך געהן לאַנגזאַם אין קלויז אַריין.

דעם גאַנצען לאַנגען וועג וואָס ציהט זיך פון דעם אַלטען ר׳ חיימ׳ס הויז ביז אין קלויז אריין, באַטראַכט ער יעדע קלייניגקייט מיט גרויס אויפמערקזאמקייט.

אויפ׳ן גאַס איז שטיל. פון צייט צו צייט הערט זיך אַ קרעהען פון הענער, עס שפּאַצירען אַרום בעל הבית׳שע ציגען מיט געקרייזעלטע בערדלאַך און שטעלען זיך אַלע ווײַלע אָפּ נעבען יעדער קופּקעלע גראָז און קייען מיט גרויס הנאה.

עס געהען ארום די יאַטקע הינט מיט פאַרדרעהטע עקען, און שמעקען, פילייכט ליגט ערגעץ וואו פאַר זייערטוועגען אָנ־געגרייט אַ שטיקעל פלייש.

אַפּטמאָל הערט זיך אַ רעווען פון אַ בהמה, וועלכע שטעהט זיך לעבען אַ בעל הבית׳ישע הויז. קוקט מיט נאַרישע בהמות׳שע אויגען סתם אין דער וועלט אריין, און הערט ניט אויף צו מעלה גירה׳ן. פון צייט צו צייט הערט זיך אַ הירזשען פון אַ בעל עגלה׳־שען פערד, וואָס שטעהט פאַרשפּאַרט אין שטאַל אונטער אַ פאַר־שלאָסענער טיר.

אַלע לאַדען פון שטעטעל זיינען פאַרמאַכט. ווען ניט ווען

ווייזט זיך אַ מענשליכע קאָפּ דורך אַ האַלב אָפּגעעפּענטער שפּאַ־
רונג.

עס דערהערט זיך אַ לאַנגער פוילער געניץ אָדער אַן אומ־
שולדיגער נוס.

דער אַלטער ר׳ חיים געהט און באַטראַכט אַלעס און ער
פיהלט צו יעדער זאַך אַזאַ גלייכגילטיגקייט, אַזאַ אָפּגעלאָזענ־
קייט. קיין זאַך אינטערעסירט איהם ניט, ווי אַלעס וואָלט פאַר
איהם געווען אָפּגעשטאָרבען, טויט, איבעריג.

ניטאָ אַמאָליגע צייטען — טראַכט ער ביי זיך, — ווען יעדע
מינדסטע זאַך האָט אויסגעקוקט אין זיינע אויגען אַזוי טייער,
אַזוי ליב, פון יעדער קלייניגקייט פלעגט ער ווערען באַגייסטערט
און אַצינד, אַלט און שוואַך, אַלעס איז אַ לאַסט, אַלעס איז אַ
משא, אַלעס איז איבעריג.

ניטאָ קיין אינטערעס ניט אין זיך און ניט אין יענעם.

ער קומט אַריין אין קלויז, ביים עמוד שטעהען אַ פּאָר יאָהר־
צייט ליכט, אונטער דער הרובע שלאָפט גאַנץ געשמאַק דער אַל־
טער לייבעל, כראָפּעט פונקט ווי אַ גאַנצע מוזיקע וואָלט שפּילען.
אַביסעל ווייטער ליגט זיך דער אַלטער ר׳ יעקב אהרון, דער בטלן,
איין אויג האַלט ער אָפען און מיט דער צווייטער אויג כאַפּט ער
דעוויל אַ גנב׳ישען דרעמעל.

לעבען עמוד ליגט אויף אַ באַנק אויסגעצויגען דער אַלטער
בן ציון דער שטאָדטישער צדקה פושקע באַזוכער, דער אַלטער
ר׳ אברהם־חיים צינד אָן די יאָהרצייט ליכט וואָס שטעקען אין
די לייכטער אויפ׳ן עמוד. פאַר די שטראַהלען פון דער פלוצ־
ליכער שיין פון דער ליכט, כאַפּען זיך אַלע זקנים אויף. יעדער
געניצט זיך אויף אַ ברייטען שטייגער, ציהט אויס די צענויפגע־
קנוילטע ביינער, שטעהען אויף פויל פון זייערע געלעגערס, גיסען
זיך אָפּ נעגעל־וואַסער. יעדער פון זיי טראַגט איהם אונטער דעם
גוט־מאָרגען, און מען זעצט זיך ארום דעם גרויסען טיש פול אָנ־
געלעגט מיט ספרים.

און מען רעדט, מען רעדט באַזונדער, מען רעדט צוזאַמען,
יעדער האָט זיין פּעקעל צרות און יעדער האָט וואָס צו דערצעה־

לעך. פון צייט צו צייט רייסען זיך ארויס שווערע זיפצען פון די זקנימ׳שע הערצער.

זיי זארגען אויף אמאליגע גוטע צייטען, אויף פארלוירענע האפנונגען און אויף גענארטע גליקען. — דערמאנט נאר איינער פון זיי וועגען קינדער, טוען די איבעריגע א מאך מיט די הענט, אפ פונקט ווי זיי וואלטען געזאגט עט, לאז אפ דעם שמועס, לאמיר רעדען עפעס וויכטיגערעס, עפעס מעהר אינטערעסאנטעס.

עס קומען צוזאמען די מנינים. פריהער די מארק־מענשען, קרעמערס און בעלי מלאכות. דיזע קומען איילענדיג און כאפען אפ דעם דאווענען, און צעלויפען זיך. נאכדעם קומען די פונ׳ם צווייטען מנין: סוחרים, פראצענטניקעס, כלי קודש, מתעסקים און קהל פארזארגען.

דיזע האבען מעהר צייט, דאווענען זיי באריכות, און סמועסען נאכ׳ן דאווענען פון פאליטיק, פון קהל׳שע ענינים און דער אלטער ר׳ חיים איילט זיך ניט. איהם ערווארטעט ניט קיינער צו הויז, קיינער וועט איהם ניט מאכען קיין פארווירפע ווארום ער קומט שפעט. ער זיצט און ווארט איבער יעדען. ער הערט זיך צו צו די שמועסען וואס קומען פאר, און ווען אלע צוגעהען זיך שוין, נעהמט ער זיין טלית און תפילין און לאזט זיך געהן אהיים — א היים? אלעס הייסט א היים...

האט ער איצט, אויף זיינע עלטערע יאהרען, א היים? נאר ער געהט, ווי אלע געהען, אהיים. אין די גאסען איז שוין לע־בעדיג, די קראמען זיינען אפען, מענשען איילען זיך און יעדער איז פארנומען מיט זיין פאך. אלעס באוועגט זיך.

באקענטע מענשען קומען איהם אנטקעגען, זאגען איהם „גוט מארגען״. ער שאקעלט מיט׳ן קאפ און געהט זיך לאנגזאם און טראכט: ווי לעבעדיג אלעס באוועגט זיך אזוי!

אלע מענשען פון שטאט קענען איהם, אלע באגריסען איהם, אבער דער אלטער ר׳ אברהם־חיים איז גלייכגילטיג צו אלעס, עס אינטערעסירט איהם ניט. ער קומט אהיים און דארט שענקט איהם קיינער ניט די מינדסטע אויפמערקזאמקייט.

אלעס איז אזוי קאלט, אזוי שטיל.

ער קומט אריין צו זיך אין אלקער. דאס בעטעל זיינס איז נאך צעוואָרפען ווי ער האט דאס איבערגעלאזען. ער לעגט אני־דער דעם טלית און תפילין אויף דעם טישעל, ער זעצט זיך אריין אין דעם צעווארפען בעטעל און שפארט זיך אונטער מיט די הענט די באקען. ער באקוקט אלע פיר ווענט — ווי פוסט און אומעטיג עס איז! די סטעליע איז אביסעל פארררויכערט פון דעם לעמפעל. עס ליגען עטליכע ספרים פאר זיינע אויגען. אי־בער דער טיר הענגען עטליכע אלטע בגדים. עס שטעהען א פאר אלטע בענקלאך, די פאדלאגע איז שמוציג, ניט אויסגעקערט. ער זיצט און טראכט וואס פון איהם איז אויף די עלטערע יאהרען געווארען.

מיט יאהרען צוריק, ווען זיין ווייב ציפע־רייזעל האט גע־לעבט, האט ער זיך דאן געפיהלט פאר עפעס א מענש, א מענש מיט אינטערעס צו אימיצען... אלע קינדער זיינען געווען צו־זאמען, זיין ווארט האט דאמאלסט געהאט א ווירדע, מען האט פאר איהם דרך ארץ געהאט, די שעהנסטע בעל הבית׳ישע קינ־דער האבען ביי איהם געלערענט. אברהם־חיים דער גמרא מלמד האט געהאט א נאמען. און איצט איז זיין פרוי, די צדקת, גע־שטארבען און די קינדער זיינען זיך צולאפען אין אלע עקען וועלט, און געלאזען דעם אלטען טאטען, עלענד ווי א שטיין. ער פאר־טראכט זיך אין זיין טרויעריגער לאגע.

געבוירען קינדער, זיי ערצויגען, פאר מענשען זיי געמאכט. די לעצטע כחות זיך געמאטערט. צוליב וועמען? צוליב וואס? צוליב קינדער. און איצט? איצט איז קיין שפור פון זיי ניטא. בלויז טויטע אומבאוועגליכע בילדער וואס הענגען אויף דער שטומער וואנט. דאס איז זיין איינציגער איינדרוק פון זיינע אמאליגע יאהרען.

מעהר פון אלץ שרעקט זיך דער אלטער ר׳ אברהם־חיים פאר דעם לעצטען טאג פון זיין ענדע. ווען קיינער פון זיינע קינדער וועט ניט זיין דערביי, ווען ער וועט דארפען פארלאזען די נארישע וועלט או עס וועט אפילו קיינער קיין קרעכץ ניט געבען. קיינער... קיינער...

און דערביי פאַלט איהם איין אַ געדאנק, אַז ווען זיין באַ־שטימטע צייט וועט קומען צו שטאַרבען, זאָל ער אנזאגען פאַר'ן טויט אַז כאַטש די בילדער פון די קינדער זאָל מען איהם מיט־געבען אין קבר.

און צוויי גרויסע טרעהרען רייסען זיך אַרויס פון דעם אָל־טענס אויגען, און קייקלען זיך איבער זיינע צעקנייטשטע איינ־געפאַלענע באַקען, און מיט אַ ביטערען זיפץ לאָזט ער אויס:

אַך, די עלטער, די עלטער! ווי שלעכט עס איז צו האבען קינדער און דאַך צו שטאַרבען אַזוי עלענד!...

# די גאָלדענע קייט

אין דער אַלטער היים, אין קליינעם שטעטעל
זיצט א מאַמע פאַרלייגט די הענט.
פון קינדער משפחה געבליבען אַ דריטעל,
יאָמערט זי שטיל צווישען שטומע ווענט...

קינדער געבוירען, זיי ערצויגען,
היינט נע ונד'עווען זיי אין אַ פרעמדער וועלט,
טאַטע־מאַמע וויינען אויס די אויגען,
פאַרבליבען עלענד אין זייער געצעלט.

די אַלטע מאַמע טוט אַ קלער
ווי ווייט איהר קינד איז איצט פאַרפאַרען.
פון איהרע אויגען טריפט אַ טרער,
ענטרינען, פאַרשוואונדען, אַזוי פיל יאהרען.

און דער טאַטע — שוואַך און אַלט,
שוין ווייט פאַרפאַרען אין יאהרען שפעט,
ביי דעם געדאנק — איהם ווערט אַזש קאַלט
ווען ער דערמאַנט זיך אין גאָלדענער קייט.

צו זיין „נסיעה" איהם מיטגעגעבען
די „גאָלדענע קייט" און אַ קוש אין שטערען;
אין דעם באַשטעהט זיין גאנץ פאַרמעגען,
און פון בייגע'ס אויגען פליסען טרערען.

# ווער קען פילן אַ מאַמע׳ס האַרץ?

אויב קינדער ווילן פאַרקירצן די יאהרען פון אַ מאַמע׳ס לעבען זאָלען זיי נאָר טראַכטען זיך געהן באַדען — ווארים ווי נאָר דער הייליגער זומער קומט מיט זיין פרייער האַנט, איז דער ערשטער פלעזשור אַרויסצופאַרען אין די קאַנטריס און תיכף זיך געהן באַדען.

ניט איינמאָהל איז שוין געשריבען געוואָרען אין דער אידי־שער פרעסע אַ ייאַרנונג, ווי אַזוי אויסצוהיטען זיך ביים באַדען. די יונגוואַרג לייענט עס, פאַרשטעהט אַלץ, נאָר טוט זיך דאָס זייניגע.

שוין פילע יונגע לעבענס זענען פריהצייטיג פון דער וועלט אוועקגעריסען געוואָרען, געלאָזען אויף זייער גאַנצען לעבען, פילע יונגע טרוימען און האָפנונגען און זאָגער דער גרויסער נחת פון עלטערען זענען צערינען געוואָרען און געלאָזט אַ טיפען וועה־טאַג אין האַרצען פון אומשולדיגע עלטערען, און איבערהויפט ביי דער מאַמע! ווארים ווי קען נאָך קלאַפען אַזאַ הייסער מוטער־געפיהל ווי אין אַ מאַמע׳ס האַרץ?

אָבער קינדער פאַרשטעהן דאָס ניט, פיהלען ניט וואָס דאָס מיינט. ביי זיי הייסט דאָס אַ ספאָרט, באַווייזען די חברים, אַז ער איז אַ גוטער שווימער, אַ העלד. און דאָס ברענגט טרויער אין אַ גאַנצער פאַמיליע.

איך שרייב די דאָזיגע צייל̇ען מיט האַרץ און וועהטאָג, ווייל מיר איז אויסגעקומען זיך צו טרעפען מיט אַ מאַמע וואָס זיצט שוין אַזוי איבער אַ יאהר צייט אויף איין אָרט ניט אַרומגעוואָ־שען, ניט פאַרקעמט, ניט איבערגעטאָן קיין מלבושים, האַלט אין איין וויינען און קלאָגען נאָך איהר עלטערען זוהן, וואָס באַדענ־

דיג זיך איז ער דערטרונקען געוואָרען. אונטער אַ צייט ווען איך צוויי וואָכען אַרום האָט זיין חופה געזאָלט זיין.

באַלד ביי מיין ערשטען אַריינגאַנג אין יענער הויז, האָב איך געטראָפען די מאַמע זיצענדיג אויף אַ קליין בענקעלע מיט ביידע הענט דעם קאָפּ אונטערגעשפּאַרט און פאַרטיפט אין געדאַנקען. ווען זי האָט מיך דערזעהען האָט זי מיך מיטביידע הענט אַרומגעכאַפּט און זיך פאַנאַדערגעוויינט. איהר פּנים איז שטאַרק פאַרענדערט געוואָרען זייט יענער צייט, וואָס איך האָב זי געזעהן פאַר'ן אומגליק. מיט'ן ניט־איבערגעטוענעם קלייד האָט זי זיך די אויגען געווישט און כליפּענדיג, אַט פּונקט ווי דאָס וואָלט ערשט מיט צעהן מינוט צוריק פּאַסירט, מיר געגומען איהר פאַרביטערט האַרץ אויסגיסען.

— איהר געדענקט דאָך מיין באַי — האָט זי מיט פייכטע אויגען צו מיר געזאָגט — מיין קרוין פון קאָפּ איז דאָס געווען. מיין צירונג, מיין בריליאַנט. שוין געזאָלט חתונה האָבען אין אַ פּאָר וואָכען אַרום. אַזאַ אומגליק, אַזאַ צאָרען מיך געטראָפען. ער איז דאָך געווען אַזאַ גוטער, אַזאַ טייערער, מיין אויג פון קאָפּ. ער איז דאָך מיר אַלע וועגען פאַרלאָפען, ער איז געווען דער גאַנצער פיהרער פון שטוב. — שוין אַ יאָהר מיט צוויי וואָכען, אַז מיין קינד איז ניטאָ, וואָלט ער כאָטש זיין שלאָף, וואָלט ער געקרענקט, וואָלט דער וועהטאָג ניט זיין אַזוי גרויס, זיך אפילו ניט ריכטיג געזעגענט מיט מיר, פאַר זיין אָפּפאָהרען אין קאַנטרי. וויפיל איך האָב זיך ביי איהם ניט געבעטען: קינד מיינס, זעה, זאָלסט זיך ניט געהן באָדען, ווייל איך וועל ניט זיין רוהיג ביז דו וועסט צוריקקומען. פאָלג דער מאַמע דיינע, האָב איך זיך געבעטען. — פון ניין יאָהר אַן, האָט ער אָנגעפאַנגען צו אַרבייטען. אַלע פאַרדינסטען דער מאַמע אַוועקגעגעבען, מיט מיה און צרות איהם ערצויגען, איידער איך האָב דערוואַרט זיין חתונה. נעכט ניט דערשלאָפען. טעג ניט דערעסען. אַבי מיין קינד זאָל ניט זאָרגען. אַ מלבוש'ל איהם געמאַכט, ער זאָל קיין חרפּה ניט ליידען. וואָס טוט ניט אַ מאַמע צוליב קינדער?

זיך אויסגעפּלאַגט, די אויגען אויסגעוויינט, געקומען צום

נחת. נאַ דיר נחת, פּיהל אַז דו ביסט אַ מאַמע. צו וואָס טויג מיר ס׳לעבען, אַז מיין אוצר ליגט אַזוי יונג אין דער נאַסער ערד! — זינט יענער צייט זיך קיין העמד, קיין קליידעל ניט איבערגע־טאַן, ניט אַרומגעוואַשען. אַזוי ווי איהר זעהט, זיץ איך טאָג און נאַכט און בעט איין זאַך ביי גאָט, אַז ער זאָל מיך וואָס גיכער צונעמען פון דער וועלט. איך דאַרף ניט לעבען. איך טאָר ניט לעבען. איך וועל זיין מיט מיין קינד צוזאַמען. — קיין מאַמע זאָל צו מיין האַרץ ניט קומען. אפילו מיין ערגסטער שונא — איך בעט אייך, זייט אַזוי גוט, אַפּעלירט צו די מאַמעס וואָס האָ־בען קינדער: זאָלען זיי ניט לאָזען זיך באָדען, זאָלען זיי ניט אַפּרייסען דאָס האַרץ פון אַ מאַמע. איך בעט אייך, זאָגט מיר צו דאָס צו טאָן, אפשר וועט דאָס זיין פאַר מיר אַ טרייסט.

# אַ פּאַסירונג אין לאַזאַרעט

פאַרבליבען אין לאזארעט זענען מיר בלויז צעהן אידען, פון וועלכע איינער פון אונז — י. בערדיטשעווסקי — איז געווען דער הויפּט־פיהרער פון אונזער עדה אידען. זיין ערשטער אריינטריט אין לאזארעט האט באלד געמאכט א סימפּאטישע ווירקונג אויף אונז אלעמען. זיין הויכע, שלאַנקע פיגור מיט זיין שעהנעם אויסזעהן און מיט זיין גוטען כאראקטער, האט אונז אלעמען באלד פארקערפערט אין איין גייסט, אין איין נשמה.

יעדען פריהמארגען האבען מיר געדאווענט בצבור, אוונט צייט — בין השמשות פון מנחה און מעריב — פלעגען מיר אלע ארומרינגלען אונזער בערדיטשעווסקי'ן און פלעגט שוין פאר אונז האלטען א דרשה, פון גמרא אדער תנ"ך.

און פול מיט איבערגעבענהייט און ברידערליכער ליבע, האט ער פאר אונז אלץ קלאר און דייטליך איבערגעגעבען פה אל פה.

ווי פול מיט גייסטליכען דורשט פלעגען מיר איינשעפּען אין זיך יעדעס ווארט. און אזוי האט זיך דאס געפיהרט טאג טעגליך, די גאנצע צייט, וואס מיר זענען אין לאזארעט געווען.

עס איז שוין אפילו א קימא לן פון א יאהר דרייסיג, אדער מעהר, און דאך קען איך אלץ ניט פארגעסען יענע איבערלעבונגען וואס מיר האבען איבערגעלעבט אין לאזארעט. איך ערינער מיך אן אן איבערפאל, וואס איז דעמאלט געמאכט געווארען איבער איינעם פון אונזערע.

דאס איז געווען אוונט צייט, ווען אונזער ליבער חבר בערדיטשעווסקי האט פאר אונז געהאלטען א שארפע דרשה, איז אריינגעקומען א סאלדאט און געפאדערט איינעם פון אונזערע מיט דעם נאמען ב. וועגען איבערצונעהמען א פעקעל פון זיינע א שוועסטער, וואס האט איהם אהערגעבראכט. אונזער חבר ב. האט געהאט א שלאפען אויער.

פאַרלאָזענדיג אונז אויף אַ ווײַלע, איז ב. מיטגעגאַנגען מיט דעם סאָלדאַט אָפּצונעהמען דאָס געבראַכטע פּעקעל פון זיין שוועס־טער, און מיר זענען דערווייל פאַרבליבען וואַרטענדיג אויף זיין צוריקומען. עס האָט ניט פיל גענומען, ווי מיר האָבען דערהערט אַ שרעקליכען געוואַלד. מיר האָבען זיך דאַן אַלע ווילד צושראָ־קענע געלאָזט לויפען צום קאָרידאָר, פון וואַנען דאָס קול האָט זיך געהערט. אַלע לאָמפּען זענען דאַן אויסגעלאָשען געוועזן. מיר האָבען אָנגעצונדען עטליכע שוועבעלעך און פאַר אונז האָט אַ שיין געשטאַן אַ זעהר שרעקליך בילד.

אויף דער פּאָדלאָגע אין מיטען קאָרידאָר איז אין אַ טייך בלוט אונזער חבר ב. געלעגען און געקרעכצט שוין ניט קענענ־דיג מעהר שרייען.

שנעל האָבען מיר איהם אויפגעהויבען און באַלד אַריינגעט־ראַגען צו אונז אין צימער אַריין און איהם תיכף מיט קאַלטע וואַסער דאָס בלוט אַרומגעוואַשען און גלייך אַריינגערופען דעם לאַזאַרעט פעלדשער, וועלכער האָט איהם פאַרבאַנדאַזשירט דאָס גאַנצע געזיכט. אַביסעל שפּעטער, ווען אונזער חבר ב. איז צו זיך געקומען, האָט ער פאַר אונז אָנגעפאַנגען צו שילדערען די גאַנצע סצענע, וואָס האָט זיך מיט איהם אָפּגעשפּילט דערמיט וואָס די אַנטיסעמיטישע סאָלדאַטען האָט זיך שטאַרק פאַרוואָלט צו זעהן אַביסעל אידיש בלוט.

אָנפאַנגס ווען איך בין אַרויסגערופען געוואָרען דורך דעם סאָלדאַט וועגען איבערצונעהמען דאָס פּעקעל — דערצעהלט אונ־זער חבר ב. — האָבען די אַנדערע אַנטיסעמיטישע סאָלדאַטען מיט אַ כיון אַלע לאָמפּען אויסגעלאָשען און מיך גענומען שלאָגען אַהן אַ פאַרוואָס, מיינע געשרייען האָט איהר דערהערט און מיך אין צייט געראַטעוועט. וועגען מיין שוועסטער מיט אַ פּעקעל צו מיר איז לא היה ולא נברא.

אַזוי האָט אונז איבערגעגעבען אונזער חבר ב.

מיר אַלע, ווי געוועהנליך, האָבען איהם שטאַרק באַדויערט און מיטגעפיהלט זיין גרויסען וועהטאַג.

און טאַקע דעם זעלבען אווענט, ביי דער שיין פון אַ קאַפּי־קענער ליכטעל, האָט ער אָנגעשריבען אַ גאַנצע קאָרעספּאָנדענץ, ווי עס איז פאָרגעקומען מיט דעם אידישען „וואַספּיטאַניק" חבר ב., און טאַקע דעם זעלבען אויפדערנאַכט עס איבערגעשיקט מיט איינעם פון אונזערע גוטע סאָלדאַטען, וואָס האָט געקראָגען אַ גאַנצען רובעל דערפאַר און ער האָט עס אוועקגעטראָגען אין אַ גע־ווייסער צייטונג. אויף מאָרגען איז ערשינען אין סאַמע פראַנט פון דער צייטונג אונטער אַ „פעטען קעפּעל" — „בוליגאַני וו' לאַזאַרעטע".

דער זעלבער סאָלדאַט, ניט ווייסענדיג וואָס ער איז אין רע־דאַקציע געשיקט געוואָרען, האָט אונז יעדען צו קאָפּיעס געבראַכט. מיר האָבען זיך כמעט אַליין ניט געגלויבט, דורכלעזענדיג די גאַנצע פּאַסירונג פון אָנפאַנג ביז צום סוף, האָבען מיר זיך גע־פיהלט עטוואָס גרינגער און אין האַרצען האָט זיך ביי אונז גע־פיהלט אַ טיפע נקמה צו די אַנטיסעמיטען. אָבער ניט לאַנג האָט אונזער נקמה געפיהל געקענט אָנהאַלטען און נאָך איידער מיר האָבען נאָך צייט געהאַט עטוואָס צו טראַכטען, האָט זיך שנעל ווי אַ בליץ פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דער זאַוועדוויושטשי פון לאַזאַרעט קומט און טאַקע אויגענבליקליך האָבען מיר דורכ'ן פענסטער אַראָפּגעקוקט און דערזעהן אויפ'ן פערד, האָבען מיר גענומען שפּירען אַז דאָ מוז עטוואָס געשעהן.

און אייניגע מינוטען שפּעטער איז דער זאַוועדוויושטשי געשטאַנען ביי אונז אין צימער און אָפּגענומען „וואַפּראָסען" ווער פון אונז האָט דאָס געלאָזט מעלדען אין רעדאַקציע.

מיט צושראָקענע געזיכטער און מיט קוים־איינגעהאַלטענע אָטעמס זענען מיר אַלע געשטאַנען און ממש געציטערט, טאַ־מער עמיצער פון אונז רעדט זיך אַרויס וועגען דעם סוד ווער עס האָט געשריבען וועגען דעם. אָבער אַנדערש האָט בערדיטשעוו־סקי געטאָן. ניט פיעל קלערענדיג און אָהן צערעמאָניעס האָט ער זיך גלייך מודה געווען, אַז ער איז דאָס דער יעניגער, וואָס האָט געוואָגט צו באַגעהן אַזאַ פרעכהייט געגען אַזעלכע נאָבעלע מענשען און עס געלאָזט וויסען אין רעדאַקציע. אַן אויפגערעג־

טער איז דער זאוועדויושטשי שטעהן געבליבען פון אזא קאלטען ענטפער און זיך געגומען קאכען און ווארפען אין אלע זייטען. — סטייטש, ווי וואגען דאס אידען באגעהן אזא פרעכהייט! און פארשפרעכענדיג אונז די זאך גוט צו נאכפארשען און דערביי אויך אונז צו געבען א גוטע „נאקאזאניע" דערפאר, האט ער אונזער צימער בייז און אויפגערעגט גלייך פארלאזט.

פרייטאג אווענט, נאך קבלת שבת, ווי אונזער שטייגער איז געווען, האבען מיר זיך אלע פארזאמעלט ארום אונזער ליבלינג בערדיטשעווסקי, און געהערט פון איהם דברי תורה. מיט גרויס התלהבות האט ער פאר אונז זיין דרשה גע'דרשנט, ווען פלוצלונג איז ערשינען א סאלדאט און איהם געפאדערט גלייך מיט איהם מיטצוגעהן צום סאמע גלאווני וואיענני נאטשאלניק, גענעראל גובערנאטאר. קאלטבלוטיג און באשיידען האט בערדיטשעווסקי דעם סאלדאט איבערגעגעבען די דאזיגע געצעהלטע ווערטער: ביז וואנען ער וועט ניט ענדיגען זיין למוד פאר אונז, קען ער ניט געהן.

דער סאלדאט איז אוועק פון אונז איבערצוגעבען די ווער־טער זיין נאטשאלניק.

אין אייניגע מינוטען שפעטער האט זיך דער זעלבער סאל־דאט צוריקגעקערט שוין מיט א מעהר חוצפה'דיגען אויסרייד אז באלד מוז ער מיט איהם מיטגעהן.

און ווען אונזער בערדיטשעווסקי האט זיך צוריקגעקערט, פארווייל ענדיג דארט א פאר שטונדען, האבען זיינע אויגען גע־פינקעלט פון פרייד און איבעראשונג, אונז מיטיילענדיג ווי פריינדליך און געהארכזאם דער נאטשאלניק האט מיט איהם גע־רעדט און מיט דער גרעסטער צופרידענהייט איהם פארשפראכען גוט נאכצושפירען די גאנצע אנגעלעגענהייט.

אין א פאר טעג ארום האבען מיר געהערט, ווי די שלעגער זענען געפונען געווארען און פאראורטיילט געווארען יעדער צו זעקס חדשים טורמע פאר באגעהן אזא שאנד טהאט געגען א אידען. און מיר האבען זיך אלע ממש געפרעהט.

# יאָהרען לויפען

יאָהרען לויפען, יאָהרען פליהען
קיינער קאָן ניט בלייבען שטעהן,
אַלטע וועלקען, יונגע בליהען
אַזוי, אַזוי די וועלט מוז געהן! . . .

ליידער איך, ווי פייל פון בויגען,
האָב פאַרשפּילט מיין יוגענד שעה!
און דעם טרעהרען־פולען בעכער
אויסגעטרונקען ביז צום דנא! . . .

כ׳קוק אין שפּיגעל: טיף צוגראָבען
און צוקאַרבט איז יעדעס גליד,
קומט שוין טאַקע באַלד דער האַרבסט אַז,
אָפּגעזונגען איז מיין ליד?! . . .

# „אָווערטאַים"

(אַ בילד)

צום „גליק" בין איך דאַן געבליבען אַרבייטען אָווערטאַים. מיט מיר צוזאַמען זיינען אויך די איבעריגע אַרבייטער פאַרבליבען. די שיף נומער 11 איז געשטאַנען ביים ברעג קאַנאַל, און דאָס וואַסער אזי דאַן רוהיג און שטיל געווען. די אַרבייטער זיינען געווען פאַרנומען יעדער ביי זיין ארבייט. מיר זיינען געשטאַנען ביים ברעג לעבען שיף, און ארויפגעצויגען מאַטעריאַל אויף דער שיף. פלוצים האָט אימיצער פון די אַרבייטער אראָפגעשריען צו אונז מיט אימפּעט : „קאַם אַפּ, בויעס!" — אז מיר זענען געבליבען ווי צומישטע, און מיר האָבען ניט געוואוסט וואוהין צו לויפען. אונז האָט געדאכט, אַז עפּעס אונטען מוז געוויס באַלד עקספּלאָדירען. באַלד האָבען זיך דערהערט נאָך גרעסערע געשרייען : „קאַם אַפּ, עקסידענט !"

באַלד האָבען מיר איינציגווייז גענומען שנעל קלעטערען אויפ'ן לייטער, און ווען מיר זיינען שוין געווען אויפ'ן דעק פון שיף, האָט מען אונז אַנגעוויזען אין קעסטעל נומער 1. שנעל זיינען מיר אַרונטער די שטיגען, און אַ שרעקליך בילד האָט זיך פאַר אונז באַוויזען, וואָס אייביג וועל איך זי ניט קענען פאַרגעסען.

אונטער דעם גרויסען אייזערנעם פליגעל, וואָס בלייבט ליגען אַלס רעזערוו, איז געלעגען אַ מענש פאַרפּרעסט ביים האַרצען און זיך גוסס'דיג געמאַטערט ארויסצורייסען. מיט אַלע קרעפּטען האָבען מיר זיך גענומען אויפהויבען דעם שווערען צוואַנציגטאַניגען פליגעל פונ'ם מענשענ'ס ברוסט, און ארויסנעהמענדיג דעם אַרימען ארבייטער, האָבען מיר איהם גענומען טראָגען ארויס פון שיף. דאָס האַרץ זיינס איז געווען צודריקט ; בלוט האָט געפלאָסען אויף זיינע קליידער ; די אויגען צוגעמאַכט ; אַ שוים

האט אַרויסגעשפּאַרט פון נאָז און די הענט אַראָפּגעהאַנגען. מיט מאַטערניש האָבען מיר זיך מיט איהם קוים ארויפגעשלעפּט די קרומע שטיגען — און איהם אוועקגעלעגט אויף׳ן דעק פון שיף.

די לבנה האט העל געלויכטען, און די שטערען האבען בליס־טשענדיג אַראָפּגעקוקט אויף דעם שרעקליכען סוף פון דעם אַר־בייטער׳ס לעבען.

שווער האט זיך זיין ברוסט געהויבען און באוועגט. די אַרבייטער, טיף געריהרטע, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, זיינען גע־שטאַנען און שמערצליך זיך איינגעקוקט אינ׳ם שרעקליכען בילד. אייניגע האָבען איהם ביים שטערען געריבען, און מיט זיינע הענט געדרעהט, אום איהם זיין בלוט צו וואַרימען.

אַ קיהלער ווינטעל האָט געבלאָזען איבער זיין גוסס׳דיגען פּנים. געלעזען איז ער אומבאַוועגליך. מיט עטליכע מינוטען שפּעטער איז אַן אמבולאַנס געקומען. מיר האָבען איהם אויפ׳ן בעטעל ארויפגעלעגט און געבראַכט אין אַפּיס.

באַלד האָט איהם דער דאָקטאָר ארומגעטאַפּט, און ניט פיל טראַכטענדיג, האָט ער, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטען קאָפּ, אונז מודיע געווען, אַז ער איז טויט!

איך בין ווי פארשטיינערט געוואָרען, הערענדיג די ווער־טער: „ער איז טויט״.

מיין געדאנק האָט גענומען שנעל ארבייטען, און פאַר מיינע אויגען האָבען זיך פאַרגעשטעלט צוויי בילדער: די ערשטע — פון דעם אַרימען אַרבייטער; ער לויפט אין איילעניש זיין קור־צען לעבען צוליב דעם טרוקענעם שטיקעל ברויט. און ווי גליק־ליך ער פיהלט זיך מיט׳ן באַפעהל צו בלייבען ארבייטען „אווער־טאַים״. עפּעס אַ קלייניגקייט — טאַים־ענד־אַ־העף! ממש דער גליקליכסטער.

בלויז איין האַלבע שטונדע איז פאַרבליבען אהיימצוגעהן. אַהיים! מיט דער בשורה פאַר׳ן ווייב — געאַרבייט אווערטאַים.

און באַלד קומט מיר די צווייטע בילד פאַר: די אַרימע אַר־בייטער פרוי, נעבעך, זי ווייסט פון גאָרניט. זי גרייט צו סאַפּער פאַר׳ן פּרנסה־געבער, פאַר׳ן שטוב־פאַרזאָרגען.

זי לויפט אַלעמאָל צום פענסטער זעהן פילייכט קומט ער. קוקט אַלע ווײַלע צום זייגער, און איז שטאַרק אומרוהיג: אַזוי שפּעט נאָך ניטאָ. און אויפ'ן האַרצען איז איהר עפּעס אַי טרויעריג, אַי פרעהליך. פרעהט זיך וואָס איהר מאַן אַרבייט אָווערטאַים; מען דאַרף, קיין עיך־הרע, האָבען אַזוי פּיל! און איז טרויעריג: ווער ווייסט? חלילה עפּעס געשעהן מיט איהם!

די קינדערלאַך לויפען אַלע ווײַלע צום טיר, זיך איינהערענדיג צו יעדען סקריפּע: טאָמער קומט שוין פּאַפּאַ.

— ער וועט עפּעס ברענגען גוטע זאַכען? — און זיי פיהלען אַ שווערע נאָגעניש אויפ'ן האַרצען. זיי ווייסען ניט, אַז זייער פאַרזאָרגער איז שוין גאַנץ רוהיג פאַרזאָרגט מיט אַן איי בי געען „דזשאָב".

איך שטעה און באַדויער דעם סוף פון דעם אָרימען אַרבייטער. ער האָט געקראָגען אַ „טשענס" צו אַרבייטען „אָווערטאַים" — „טאַים־עינד־עי־העף" קריגט ער... ער איז פאַרבליבען — „אָווערטאַים", איז ער פאַרבליבען...

# די צעלעכערטע לימענע

וואס איך גיי איצט דערציילן — די לעזער, וועט אפשר קלינגען ווי א באבע־מעשה און דאך איז עס א פאקט. עס איז א געשיכטע מיט א לימענע, וואס איך האב געקראגן אלס אות לזכרון פון מיין מוטער ע״ה, וואס איז צושפאלטען געווארען פונקט אין טאג פון איהר טויט, אזוי ווי זי האט פאראויסגעזאגט.

די געשיכטע פיהרט מיך צוריק צו 1906, פונקט חמשה עשר בשבט. איך האב דעמאלט געהאלטען ביים פארלאזען מיין געבורט־שטעדטעל זלאטאפאל אויף מיין רייזע קיין קאנאדע.

און נאכדעם ווי איך האב מיך געהאט אפגעזעגענט מיט מיינע קרובים, פריינד און באקאנטע און אויך מיט׳ן רבינ׳ס „הויף״, וואו עס האט „געקיניגט״ דער רבי ר׳ דוד׳ל פון ראכ־מיסטריווקע, קריגענדיג א ברכה פון דעם צדיק צוזאמען מיט אן אנזאג, אז וואו איך וועל זיך נאר קעהרען און ווענדען זאל איך בלייבען א איד, איז געקומען דאס סאמע שווערסטע — דאס גע־זעגענען זיך מיט טאטע־מאמע. מיין גוטע אומפארגעסליכע מאמע איז געשטאנען איבער די פעקלאך, וואס איך האב געזאלט מיטנעהמען אין וועג, איינגעפאקט דאס נויטיגסטע און שטיל געכליפעט. דאן האט זי זיך א ווייל פארטראכט און איז צוגע־גאנגען צום שאפקע און ארויסגענומען א פרישע און זאפטיגע לימענע, זאגענדיג דערביי צו מיר: „קינד מיינס, בן יחיד מיי־נער, נעהם מיט אט די לימענע און זאלסט עס שטענדיג האלטען ביי זיך. און וויסען זאלסטו, אז כל זמן אט די לימענע וועט זיין גאנץ, לעבט נאך די מאמע דיינע, אבער אזוי שנעל ווי דו וועסט באמערקען, אז די לימענע איז צעלעכערט, זאלסטו וויסען, אז דיין מאמע איז מעהר אויף דער וועלט ניטא.

פונקט ווי היינט זאל דאס געשעהן, געדענק איך יענעם מא־

מענט, מיט צוואנציג יאהר צוריק, חמשה־עשר בשבט, צוויי דעם זייגער ביינאַכט ווען דער בעל־עגלה איז צוגעקומען צום שטוב, און אַנגעקלאפט אין פענסטער, אום צו פאַהרען צום וואקזאל. אויף שנעל האָט זיך מיין מאַמע אַ כאַפּ געטאַן, אַנגעטאַן אויף זיך איהר שאַל און צוזאַמען מיט'ן טאַטען זענען מיר אַלע דריי ווי שטומע דורכגעלאָפען. די ערד איז געווען באַדעקט מיט זיל־ בּ ערנעם ווייסען שניי. אַ היבשער קאַלטער פרעסטעל האָט אונז באַלד אַרומגכאַפּט מיט אַ פיבערהאַפטען ציטער. איינגעטוליעט איינס אין אַנדערען זענען מיר אַלע דריי ווי שטומע נאָכגעגאַנ־ גאַנגען דעם אַנגעפּעלצטען בעל עגלה. אין דער לופטען האָבען שטערען געפינקעלט, פונקט ווי ס'וואָלט זיי שאַדען די קעלט, און וואָלטען זיך געוואָלט אויסבאַהאַלטען פון פראָסט. אַ שטי־ לער ווינטעל האָט פון צייט צו צייט געבלאָזען, און אונז נאָך מעהר צוזאַמען געפּרעסט איינס צום צווייטען. און מיט פעסטע סקריפּענדיגע שריט זענען מיר אין דרייען געגאַנגען בארג אַראָפּ פון אונזער שטוב גלייך צו דער בויד. מיט אַ פאַרקלעמט און צעוועהטאָגט הארץ האָב איך מיך מיט מיין גוטען פאָטער און געטרייער מוטער געזעגענט. מיט גרויס אַנשטרענגונג און פיל מיה, איז דער פורמאַן קוים געלונגען אונז פונאַנדעררייסען — און ווען איך האָב מיך שוין אַריינגעזעצט אין בויד האָט מיין פאָטער אויסגעבראָכען אין אַ געוויין און מיין מאַמע האָט זיך פונ'סניי אויף מיר אַרויפגעוואָרפען און מיך געהאַלזט און גע־ קושט — און געבעטען ניט פאַרלאָזען און ניט פאַרגעסען די מאַמע.

איהרע בליקען וועלען אייביג שוועבען פאַר מיינע אויגען — און איהרע ווערטער וועלען מיר תמיד קלינגען אין מיינע אויע־ רען: „קינד מיינס, האַלט טייער דער מאַמע'ס געשאַנק".

צוואנציג שטורמדיגע יאהרען האָב איך אין מיין לעבען דורכגעמאַכט. פאַרשידענע צייטען געהאַט, און זיך אַלעמאָל צו־ געהערט צו די ווערטער פון מיין מאַמע'ן. מירעל די צדיקות האָט מען זי גערופען. איהר געשאַנק די לימענע האָב איך ביז היינטיגען טאָג.

מיט אייניגע מאנאטען צוריק, ווען איך האב ווי אלעמאל די לימענע ארויסגענומען צו באטראכטען, האב איך דערזעהן ווי זי איז צולעכערט.—כ׳האב באלד דערפיהלט אויך א טיפען שניט אין הארצען. וויסענדיג, אז מיין מוטער׳ס רייד ווערען מקוים. און אין דער זעלבער צייט איז מיר אנגעקומען א ידיעה פון דער היים, אז מיין מוטער איז געשטארבען. און די צעלעכערטע לימענע וואס איז שוין אלט צוויי צעהנדליג יאהר, איז מיר איצט פאר־בליבען אלס אנדענק און אויך א ירושה פון מיין מאמע׳ן, וואס מען האט גערופען מירעל די צדיקות.

# אַ בריוו פון אַן אַנטלאָפענעם סאָלדאַט

ליבער חבר בעני קאַפיטאַנאָוו:

שוין זעהר אַ לאַנגע צייט ווי איך האָב אַרויסגעקוקט צו האָבען די געלעגענהייט מיטצוטיילען פון מיין רייזע באַשרייבונג פון דעם ערשטען טאָג זייט מיר האָבען זיך דאָן געשיידט. דו מוזט געוויס געדענקען, ליבער בעני, אין יענער צייט, ווי מיר האָבען צוזאַמען ,,געדינט״ אין אַדעס אין פראַצקער פאָלק. ווי געשמאַק האָבען יענע מאָמענטען אויסגעזעהען. וואָרים מיר האָבען געוואוסט אַז ניט לאַנג וועט אונז נעהמען, און מיר וועלען זיך פון זיך אַרונטערוואַרפען די אייזערנע קייט, פון פאָניע׳ס דיסציפלין.

און ענדליך האָבען מיר טאַקע דורכגעפירט דאָס וואָס מיר האָבען דאָן ביידע באַשטימט. איצט וועל איך אָנפאַנגען כסדר. געוויס געדענקסטו נאָך, ליבער חבר, יענעם שבת ווען מען האָט אונז מכבד געווען מיט אַ שבת׳דיגע מצוה צו אויספוצען דעם גרויסען סאַמאָוואַר פאַר דערדעמאָלסטיגע אַפיצערסקע סאָבראַניע. דער פראָסט איז געווען אומערטרעגליך, די קעלט האָט געשניטען ווי מיט שאַרפע מעסערס, און געמוזט האָבען מיר ביידע במחלה שטעהען און שייערען דעם סאַמאָוואַר. אין יענער צייט האָבען מיר דאָס ביידע אָפּגעמאַכט צו אַנטלויפען פון קייזערליכען הויף. מיר האָבען כמעט אַלץ געלאָזען חוץ די תפילין, וואָס מיר האָבען מיטגענומען און מיט אַ פעסטען באַשלוס האָבען מיר צום לעצטען מאָל פאָניע׳ן פאַרלאָזען אָהן מיט עמיצען זיך צו זעגענען... און צוטיילט האָבען מיר זיך דאָן ביי דיין פעטער אין הויז. און דאָס איז געווען כמעט צום לעצטען מאָל וואָס מיר האָבען זיך געזעהן, און אפשר ווער ווייסט? פי־

לייכט וועט אונז נאָד אַמאָהל אויסקומען זיך צו זעהען ? דער־ווייל איז שוין באַלד פאַראיבער כמעט ווי דרייסיג יאָהר.

איך האָב ערפאהרען וואו דו געפינסט זיך, און ווען איך האָב געלעזען דיין קאַרטעל צום ערשטען מאָהל, האָב איך מיך געפילט איבערגליקליך. און איצט אַז איך ווייס שוין וואו דו געפינסט זיך, און ווי דו באַהויפּסט, אַז דו האָסט זיך פאַר דער צייט, פיין אַרויפגעאַרבייט, פרעהט מיך געוויס און איך ווינש דיר דאָס גרעסטע גליק.

איך פאַרהאָף מיט דיר נאָד זיך צו זעהן. איצט ליבער חבר, וויל איך דיר באַקאַנט מאַכען מיט מיין ביז־איצטיגען אַרט לעבען. ווען מיר האָבען זיך צושיידט ביי דיין פעטער אין הויז, אין דעם שטעטעל ש. בין איך אין דעם זעלבען אוועגט אייעקגע־פאַרען אהיים. געפאָהרען בין איך מיט מאָטעל דעם בעל עגלה. דיר פאַרשטעלען מיין רייזע וואָס איך האָב מיך אַנגעליטען אין די עטליכע שטונדען, פאַרענדיג מיט מאָטעל בעל עגל'ס בויד, איז ניט איצט די צייט. איך וועל דיר צו וויסען געבען אין א צווייטען בריוו. איך וועל דיר נאָר שרייבען צום פונקט. יאָ, הייסט עס ווען איך בין געקומען צו אונז אין שטעטעל ז. דאָס איז געווען אַרום דריי אַזייגער ביינאַכט. אונזער בויד האָט זיך אָפּגעשטעלט אין שלום יוסף'ס פּאָסטיאל, און די פאַרשוינען זע־נען באַלד אַריין אין שטוב, און זיך געהייסען שטעלען דעם סאַ־מאָוואר, און זיך גענומען אַנוואַרימען ביי דער הייסער הרובע. נאָר איך איינער האָב מיך ניט געקענט פאַרגינען צו בלייבען מיט אַלעמען גלייך מיר האָט געצויגען זיך וואָס שנעלער מיט מיינע עלטערען זיך צו זעהען.

אויף דער גאָס איז געווען שטיל און רוהיג. אלע איינוואוי־נער פון דעם שטעדטעל האָבען דאָן געשלאָפען. נאָר איך איינער אַליין בין געוועזן וואַד און איך האָב מיר דאָן געפיהלט דער גליק־ליכסטער מענש וואָס אָט... באַלד זעה איך מיינע עלטערען... די לבנה האָט דאָן אַזוי הערליך געשיינט אין דער באַגלייטונג פון די שטערען. אַווייסער שניי האָט דאַן באַדעקט דאָס גאַנצע שטעדטעל, אונטער מיינע האַסטיגע טריט האָט זיך געהערט דאָס

סקריפּען פון פראָסט. געגאַנגען בין איך מיר אַזוי פאַרטראַכטער־הייט ביז אונזער געסעל און ווי עס ווייזט אויס איז די פרייד געוואָרען פאַרגרעסערט, דאָ האָב איך שוין באַקומען אַ שעהנעם קבלת פנים, אַלע הינט פון אונזער געסעל האָבען זיך פאַרנומען אויפ׳ן קול און אַזוי האָבען זיי מיך מיט „הינטען מוזיק“ צוגע־פירט ביז אונזער שטוב.

צוקומענדיג גאַנץ נאָהענט צום פענסטער הער איך מיר איין ווי מיינע עלטערען רעדען צווישען זיך און מען פרעגט זיך נאָך וואָס דאָס בילען פון די הינט קען זיין, אַזוי שפּעט אין דער נאַכט.

און זיי האָבען ניט פאַרשטאַנען אַז דאָס האָט מען זייער זוהן מיט אַזאַ פּאַראַד צוגעפיהרט.

א קלאַפּ אין פענסטער! און דאָס האָט נאָך מעהר צושראָ־קען מיינע עלטערען. און באַלד אַ פרעג געטאָן ווער קלאַפּט עס?
— איך! אייער איינציגער זוהן פון אַדעס געקומען! — איז מיין ענטפער געווען.

גלייך האָט מיר מיין פאָטער געעפענט און מיט באַגייסטערטע קושען מיך באַדעקט. דאָס זעלבע האָט מיין מוטער גע־טאָן. איך האָב מיך דאָן אַוועקגעזעצט זיי דערצעהלען דעם תענוג פון דינסט. מיט טרערען אין די אויגען האָבען זיי אויף מיר, זייער איינציגען טרייסט געקוקט, און פאַרקלעמטע „אוי“, קרעכצען האָבען זיך פון זייערע ברוסטען אַלעמאָל אַרויסגע־פּרעסט.

יאָ, עס איז געווען אַ פרייד פון מיין פּלוצלונגדיגע ערשיינונג פאַר מיינע עלטערען, ווי אויך פאַר מיר. לײדער אָבער האָט די פרייד ניט פיעל אָנגעהאַלטען און אַפּזייענדיג אַ פּאָר וואָכען צייט, האָב איך איין פון די שעהנע ווינטער נעכט געמוזט פאַרלאָזען מיין שטעדטעל און פּילייכט איז דאָס געווען מיין לעצטע אָפּרייזע פון מיין ליבער היים.

יאָ, מיין ליבער חבר, ווערסט מיר מוזען אַנטשולדיגען, אין צווייטען בריוו וועל איך דיר אַרויסשרייבען אַלץ פאַדראָבנע ווע־גען מיין אָפּפאָהרען פון דער היים.

פון מיר דיין חבר משה אהרן.

# „פאפּיניו״

אלס א פארשטאדט פון מאנטרעאל.

בראשית ברא אלהים את השמים ואת הארץ — „ופאפּיניו״ היתה תוהו ובוהו.

כמעט מיט א דרייסיג יאהר צוריק איז פּאפּיניו געווען בלויז פעלד, בוימער און ווילדע גראזען. קיין שום „בן אדם״ איז נאך דארט דעמאלט ניט געווען.

ויהי היום, טרעפט זיך א „נס״ און א געוויסע קאמפּאני קויפט אפּ דעם ווילדען שטיק שטח און הויבט אן צו שניידען דאס ווילדע לאנד אין לאטס. זענען „אחינו בני ישראל״ גע־וואויר געווארען פונ׳ם „סוד״ דורך די גרויסע אנאנסען און עס האט אנגעהויבען צו שטראמען אידען „מארבע פינות מאנטרע־אל״, וועלכע האבען זיך אנגעהויבען באזעצען אין פּאפּיניו.

פאר דער שיין פון דער לבנה האבען אידען אונטער׳ן בלויזען הימעל אנגעפאנגען צו בילדען דעם פּאפּיניו׳ער ישוב. זיי האבען אויסגעבויט הילצערנע הייזער, באצויגען זיי מיט שווארצע פּייפּער פון דרויסען און אינוועהניג מיט ענטבלויז־טע „סקענדלינגס״. אפּארבייטענדיג פולע זעקס טעג א וואך, האבען אידען אויפ׳ן זיבעטען טאג געמאכט א „מנין״ און גע־דאנקט דעם אויבערשטען, וואס האט זיי געשאפען א מקום מנוחה ב׳פּאפּיניו און מיט דער צייט, ויחנו ישראל ב׳פּאפּיניו.

די פּאפּיניו׳ער אידען האבען אנגעהויבען טראכטען מכוח א שוהל „כי לא טוב היות לבדו״.

פארטראכט און געטאן. פארופען אן „אסיפה״ און תיכף איז אויפגעבויט געווארען א שוהל. האט זיך אנגעפאנגען א חלוקי דעות און געענדיגט האט זיך דאס מיט א צווייטער שוהל. איצט האבען מיר שוין אויסער די צוויי שוהלען אויף א תלמוד תורה מיט אלע מכשירים. מיר האבען שוין דא ספרדים און

מתנגדים, אָרטאָדאָקסען און רעפאָרמער. נאַטירליך זענען אויך דאָ „מלמדים'', מען שפּילט אידיש טעאַטער אפּטמאָל און עס איז ליהודים.

איצט זעהט אויס פּאַפּיניו'ער ישוב שעהן באַזעסען. אַנט־האַלט אין זיך אַ קימאַ־לן פון כמעט אַ 300 אידישע פאַמיליעס, כן ירבו. איז באַצירט מיט שעהנע סיידוואַקס. ברייטע גאַסען „געמויערטע'' צוויי און דריי עטאַזשיגע הייזער.

אַזוי לעבען זיך דורך במנוחה אונזערע פּאַפּנייו'ער תושבים אינ'ם קליינעם ישוב.

# געהענדיג אין בית־המדרש

( ס ק י צ ע )

שוין זעקס חדשים זינט טביה דער וואסער־פיהרער געפינט זיך אין אמעריקע און איז אלץ ניט צופרידען מיט דעם אמעריקאנער לעבען, מיט דער אויפיהרונג פון דעם גאלדענעם לאנד, און יעדען אינדערפריה ווען ער שטעהט אויף מוז ער זיין הארץ אויסרעדען פאר העניע׳ן, זיין ווייב, און מיט אן אומצופרידענער מינע, פול מיט האס און פארדרוס אויף אמעריקע און אויף זיינע זיהן, לאזט ער זיך געהן אין בית־המדרש דאווענען און דער גאנצער וועג ביז אין שוהל אריין ציהט זיך אויס פאר איהם נאך לענגער ווי ער איז...

פון ווייטענס, אז ער דערזעהט דעם בית־המדרש, הויבט אין איהם אן צו קוועלען זיין הארץ פאר פרייד. עפעס פיהלט ער ווי דא וואלט זיין דאס ארט, וואו ער זאל קענען זיין הארץ, דאס פארביטערטע, אויסגיסען. אין אמת׳ן פעהלט איהם קיין זאך ניט. ער מיט זיין ווייב זיצען זיך בכבוד ביי זייערע צוויי זיהן, וואס האבען זיי אהער אראפגעבראכט, פונדעסטוועגען געפינט ער זיך אלץ ניט צופרידען. ער קען ביי זיך נאך אלץ ניט רעכט מאכען אויסצובייטען דאס אלטע היימישע לעבען אויף דעם אמעריקאנער לעבען. עפעס א מין נאגעניש געפינט זיך טיף ביי אים אין הארץ. און עס ציהט איהם אלץ צוריק. פארשידענע געדאנקען פלאנטערען זיך ביי איהם אין קאפ. און אזוי געהענדיג שפיגעלט זיך אפ די היימישע בילד פאר זיינע אויגען, ווי ער טביה, געפינט זיך ביי זיך אין דעם ליבלכען קליינעם שטעדטעלע, ווי ער זיצט זיך גאנץ רוהיג אויף זיין אייגענער טעלעגע און טרייבט אן זיין ראסיאווען פערד אזוי געשמאק, אט פונקט ווי אלץ וואלט נאר געשאפען געווען פאר איהם. ער זיצט און זינגט א שטיקעל פון דעם חזן אדער ער זאגט זיך איבער די דרשה וואס

דער שטאָדט־בעל־דרשן האט געזאָגט, און עפּעס אַזוי גוט, אַזוי צופרידען פיהלט ער זיך דאן. אלעמאל שטעלט ער זיך אָפּ ביי אַ שטוב, קריכט אַראָפּ פון טעלעגע, גיט האַסטיג אַ שלעפּ דעם פּלאַקען און ווען די פּאָר עמער פילען זיך אָן, גיט ער זיי קונציג אַ נעהם מיט זיינע געזונטע הענט און באַלד איז ער שוין צוריק אויף דער טעליגע.

אַט אַזוי פלעגט ער דאס טאָן יעדען טאָג, פאַרשידען אָבער איז געווען פרייטאָג. פרייטאָג, דאס איז שוין געווען ביי טביה׳ן גאָר אַ באַזונדערע זאַך. דאָ האָט ער שוין געמוזט אַריינקומען גלייך אין שטוב אַריין. און יעדע באַלעבאָסטע האָט שוין געטראָגען אַ פריש פלעצעל לכבוד ר׳ טביה׳ן און ער פלעגט דאס פאַוואָליע אַריינריקען אין פאַזוכע. און אַזוי פלעגט דאס טביה זיך דורכלעבען די גאַנצע וואָך מיט זיינע צונויפגעקליבענע געבעקס. און ווען ראש־חודש פלעגט קומען, דאָ האָט שוין טביה גאָר אַנדערש געפיהלט. דאס איז געווען כמעט אַ יום־טוב. ער איז אַרומגעגאַנגען צו זיינע באַלעבאַטים צוזאַמענעהמען זיין פאַרהאַרעוועטע געלט וואָס איהם קומט, איז געווען אויסגעפּוצט אין זיינע שבת׳דיגע בגדים, אין אַ סאַמעטעם קאַרטוז, אַ קיילעכדיגען.

אַריינקומענדיג אין יעדער שטוב האָט טביה ברייטליך אַרויסגעזאָגט זיין גאָט־העלף און שטאָלץ געהייסען דערלאַנגען זיין חודש געלט. און אז מען פלעגט א זאג טאָן ,,זיצט ר׳ טביה, דערצעהלט עפּעס פון אייערע קינדער אין אמעריקע׳׳, ,,ע׳׳, פלעגט ער אַ מאַך טאָן מיט דער האַנט. אַט זיי שרייבען אַלץ, זיי ווילען האָבען דעם טאַטען ביי זיך. אָבער איך האָב גאָר קיין חשק ניט צו פאָהרען צו זיי, אָבער איך וועל מוזען פאָהרען, פאַרט קינדער׳׳.

קומענדיג אַהיים פלעגט ער מיט צופרידענהייט איבערצעהלען זיין פאַרמעגען.

אָבער איצט איז ער גאָר אין אַמעריקע, אין גאָלדענעם לאַנד וואו ער איז גאָרניט, גאָרניט. אַט גלאָט שלעפּט זיך אַרום אַ אַ איד.

עס ציהט איהם צוריק צו זיין אַלטער געשמאַקער היים.

— צו וואָס האָב איך עס געדאַרפט? — טענה'ט ער צו זיך אַליין, — צו וועלכע שוואַרץ יאָהר?

און אַזוי רעדט ער צו זיך אַליין און קוועטשט מיט די אַקסלען ביז ער געהט אַריין אין בית המדרש.

# יוניאָן־ברויט

זיצען חלות אויסגעפלאָכטענע
אין הייסע אויוונס פון בעקערשאָפּ
אויסגעמישט פון קעיקס און טאָרטעס,
אַ מיטינג פירט מען — ווי אין אַ יוניאָן־שאָפּ.

שרייט געוואַלדיג אַ קוילעטש אויס:
„איהר, ברויטען, ווער דאַרף אייך דאָ?
גליק און פרייד קען שאַפען בלויז
זיסע קעיקען אין אַ גוטער שעה!"

באַלד אַ שטים דערהערט מיט כעס:
„ווי קומט דער יחוס? — אין אַ נויט
שפּאַרט זיין לאַפּעטע דער בעקער־באָס
„אַלע גלייך" — ס'איז יוניאָן ברויט!...

# הקפות ביים ווינט־מיהל

(מאנאלאג)

פארענדיג אין באהן פון טאראנטא קיין מאנטרעאל, רוקט זיך צו מיר צו א איד און בעט ביי מיר איך זאל איהם געבען א שוועבעלע צו פאררויכערען זיין ליולקע. איך בעט איהם זיצען כדי מיר זאל טאקע זיין היימליכער צו פאהרען, ווייל פאהרענדיג אין באהן, בלייבען אליין מיט די אייגענע מחשבות, איז עפעס דער וועג לאנגווייליג.

דער איד מאכט זיך גאנץ היימיש ארום מיר, זעצט זיך צו נעהענטער ביי מיין זייט און רויכערט זיין ליולקע און פון צייט צו צייט לאזט ער דעם רויך מיר גלייך אין פנים אריין.

מילא — טראכט איך ביי זיך — זאל דאס אויך זיין בחברותא. ער וועט רויכערען און איך וועל מיך באנוגענען מיט דעם רויך.

דער איד דערצעהלט מיר, אז ער הייסט ר׳ חיים. קומען קומט ער אזש פון קאוונע. אין טאראנטא געפינט ער זיך שוין א היבשע פאר יאהר. נאר אצינד פאהרט ער דאס קיין מאנט־רעאל צוליב א געוויסער אורזאך. נאר איהר מעגט דאס אויס־הערען — מאכט ער צו מיר, דער איד, וואס רופט זיך ר׳ חיים, שוין איבער א זעכציגער.—איהר, ווייסט זאגט ער צו מיר,—מיר האבען א ווייטע שטרעקע ביז מיר וועלען אנקומען אין מאנטרעאל — ביי אייך, זאגט ער צו מיר, איז דאס אפשר ניט אזוי, נאר ביי מיר איז יעדע מינוט א יאהר!

— פארשטעהט איהר מיך, איך האב גאנץ היבשלאך גע־ווארט אויף דעם מאמענט, מיט מיין היינטיגען פאהרען — און וועגען אייך — קוויקט זיך ממש דער איד — טאקע נאר גאט האט אייך צוגעשיקט אצינד איך זאל מיך קענען אביסעל אראפ־רעדען פון הארצען.

— עס איז גאַנץ אינטערעסאַנט — מאַכט צו מיר דער איד — עס וועט אייך אויך הנאה טאָן. איך זעה איהר זענט אזאַ מענש „קאַטאַרע" וואָס עס איז דאַ מיט וועמען זיך צוזאמענצו־רעדען.

צוביסלאַך האָט זיך אונטערגערוקט די נאַכט. די לאַמפּען אין וואַגאָן האָבען זיך אנגעצונדען. עס איז געוואָרען, אַביסעל היימליכער. זיצען מיר זיך אזוי און דער איד רויכערט זיך זיין ליולקע און הויבט אָן מיר דערצעהלען זיין לעבענס געשיכטע.

ביי זיך אין דער היים, פאַנגט דער איד אָן פאַר מיר דער־צעהלען, האָט געלעבט אַ פאַמיליע, זעהר שעהנע בעלי־בתים. זייער גאַנץ פאַרמעגען איז באַשטאַנען פון איין בת יחידה — בתיה האָט מען זי גערופען. שעהן, ממש אין איהר צורה ניט צו קוקען. איך, זייענדיג נאַך דעמאָלט אַ יונגער בחור'ל, האָט געוואָרפען אַן אויג אויף דער שעהנער בתיה'לע. איהר פאָטער האָט געהאַט אַ ווינט־מיהל וואָס מען מאָלט מעהל. זעהר אָפט פלעגען מיר זיך טרעפען ארום דעם ווינט־מיהל ביז וואַנען מיר האָבען זיך געשוואוירען אייביגע ליבע.

איהר טאַטע־מאַמע האָבען דערפון ניט געטאָרט וויסען. דאָס איז אַלץ צוגעגאַנגען בשתיקה. און צווישען זיך האָבען מיר אָפּגעמאַכט מיט דער צייט צו דערצעהלען איהר טאַטע־מאַמע.

דאָס איז געווען מיט איבער פערציג יאָהר צוריק. שמחת תורה ביינאַכט. איהרע עלטערען זיינען אוועק צו הקפות — און איך מיט מיין שעהנער בתיה'לע זיינען אוועק הינטער דעם ווינט־מיהל.

די נאַכט וועל איך מיין גאַנץ לעבען ניט פאַרגעסען. דאָס שמעקעדיגע גראָז אַרום דעם ווינט־מיהל, מיט דער שעהן אויס־געשטערענטער נאַכט, מיט דער העל בלאַסער לבנה„ האָט צוגע־געבען אזאַ שעהנעם געשמאַק און רייצענדע בילד צו אונזערע צוויי פאַרליבטע הערצער. ניט ווייט פון ווינט־מיהל האָט זיך אָפּגעשפּיגעלט דאָס שיינען פון דער לבנה אין דעם פּליסענדען טייכעל. מיר ביידע, איך מיט מיין בתיה'לען, זיינען זיך, אזוי האַרציג געזעסען צוזאמענגעטוליעט, און די גאַנצע זיסע חלומות

האבען זיך געוועבט פארביי אונזערע אויגען און גלענצענדע צו־קונפט האט א שעהן בילד פאר אונז געמאלען.

און מיר האבעןביידע כמעט ווי פארגעסען אז היינט געהט מען מיט די הקפות. ביי אונז אויף דער נשמה איז געווען נאך מעהר ווי שמחת תורה. זיצענדיג אזוי זיך און סודות'דיג צוגע־לעגט ליפען צו ליפען, קען איך עד היום ניט פארשטעהן ווי אזוי עס האט זיך געטראפען. — ווי פון הימעל אראפגעפאלען האבען זיך דערהערט מענשליכע טריט — און באלד האט זיך פאר אונז באוויזען דאס געשטאלט פון איהר פאטער.

פרעגט שוין ניט ווי אזוי מיר האבען דעמאלט ביידע גע־פיהלט. איך האב ממש פאר זיך די וועלט ניט געזעהן, אזוי צעטומעלט בין איך געווארען. יענע נאכט וועל איך אייביג ניט פארגעסען. איהר מוזט אודאי זיין נייגעריג צו וויסען וואס עס איז נאכהער געווארען — רייסט איבער דער איד איז מיטען פון זיין דערצעהלונג — פרעגט שוין גארניט! — זאגט ער צו מיר. — נאך יעצט קען איך ניט קומען צו זיך; ווען איך טו מיך א דערמאן די שרעק וואס איך און מיין געליבטע בתיה'לע האבען דורכגעלעבט.

איהר קענט פארשטעהן, אז באלד נאך יום טוב האב איך געדארפט פארלאזען מיין היים און אוועק וואו די אויגען האבען מיר געטראגען. וואו איך האב געטאגט האב איך ניט גע־נעכטיגט, ביז איך האב מיך קוים דערשלאגען קיין גאליציע — פון דארט האב איך מיך מיט מיין געליבטער בתיה'לע דורכגע־שריבען דורך געהיימע אדרעסען, און ווען איך בין צו זיך געקו־מען און פארדינט אביסעל געלט, האב איך איהר געשריבען זי זאל אריבערקומען און צוזאמען וועלען מיר פאהרען קיין אמע־ריקע.

—עס איז אבער ניט באשערט קיין גליק — מאכט צו מיר דער איד — און מען כאפט זי ביים גרעניץ און זי ווערט צוריק־געשיקט. איך זאג אייך, מיין ליבער פריינד, שטארקער פון איי־זען בין איך, אז איך האב דאס אלץ דורכגעלעבט. איהר זעהט דאך, פון צרות שטארבט מען ניט. איך האב מיך געלאזט פאה־

רעז קיין אמעריקע. אפגענומעז גרוסעז פון מיין בתיה׳לעז, אז איהר פאטער האט זי איבערגעוואלד פאר׳קנס׳ט צו עפעס א א בחור און חתונה געמאכט. פון וועהטאג און פארדרוס האב איך מיר געוואלט דאס לעבען נעהמען.

נאר איהר ווייסט ניט — די צייט היילט אלעס. און יאהרען שפעטער האב איך דא חתונה געהאט. קיין ליבע צו מיין ווייב האב איך קיינמאל ניט געהאט, און קיין „דור" אויף דער וועלט אויך ניט געבראכט. זיך סתם געלעבט א פארהייראט לעבען. מיט אכצעהן יאהר צוריק איז מיר מיין ווייב אפגעשטארבען און איך בין געווארען א רייזענדער. אין יעדער שטאט וואו איך בין נאר געקומען האב איך געזוכט — אפשר וועל איך טרעפען מיין געליבטע בתיה! ווייל איך בין געוואויער געווארען, אז זי געפינט זיך ערגעץ אין אמעריקע און אז זי האט זיך געג׳גט מיט איהר מאן. היינט שטעלט אייך פאר, מיין ליבער איד, אז איך האב מיך דערוואוסט וועגען איהר, אז זי געפינט זיך אין מאנטרעאל! — האב איך געכאפט גלייך דעם באהן און איך פאהר דאס מיט איהר זיך צו באגעגענען, און איך שטעל מיך פאר ווי גליקליך איך וועל זיך פיהלען, ווען איך וועל זי דערזעהן! אה, איהר זאגט אז איך בין שויך צו אלט? ניין, מייך ליבער פריינד — רייבט זיך דער איד אזוי פריידיג די הענט — ליבע ווערט קיינמאל ניט פערעלטערט. גוט איז א „חיי שעה", און איהר מעגט זיין זיכער, אז דאס וועט ביי מיר זיין אן אמת׳ער שמחת תורה, ווען איך וועל מיך צוזאמענטרעפען מיט מיין בתיה׳ן — עס מאכט ניט אויס ווי אזוי זי זאל ניט אויסקוקען. מיט איהר וועל איך באלד געהט מיט די „הקפות" — וואס זשע? איהר זאגט מען דארף באלד אראפקריכען — אך, ווי שנעל די צייט איז פארלאפען. נו, זייט מיר געזונט און פארגעסט ניט צו קומען צו הקפות, מיר וועלען זיך דארט טרעפען — האט מיר א גוטע נאכט — האט מיר!...

# חנוכה־לאַטקעס

אַמאָל מיט יאָהרען,
ביי אונז אין שטעטעל
געקומען צו פאָהרען
צו דער באָבע צייטעל
חנוכה פראַווען —
אַלע אינאיינעם,
ביי אונז אין שטעטעל
אין דעם קליינעם.

העט פון אויבען,
באַרג אַרויף,
דער באָבע׳ס שטוב —
גאָר ניט קיין מיאוס׳ע,
שטעהט שוין דאָרטען
יאָהרען לאַנג —
פון דור צו דור —
עס געהט בירושה.

די ווענט — פון ליים,
דער דאַך — פון שטרוי,
די ערד — מיט זאַמד
באַשאָטען, געל;
און אַ קוימען —
גלאַט אַזוי,
אַז ווען עס רעגענט —
קנעט מען מעל.

אַזוי אום שבת,
ווי אויך אין וואָך,
ווערט אין סטעליע
אַ נייע לאָך;
שיסלען טעפּ
שטעהען גרייט,
עס גיסט פון דאַך
פון פריה ביז שפּעט.

דערפאַר ווען חנוכה
נאָר עס קומט,
ווערט די באָבע
שטאַרק צעהיצט;
פון רעטשעך־מעל
זי לאַטקעס מאַכט;
דאָס פּנים פלאַמט
פון היץ, פאַרשוויצט.

און דער זיידע,
העט פון אויבען —
ווי אַ מלך זיצט
און שיינט;
און די קינדער
אַרום טיש,
אַ בילד פאַר מיר —
ס׳מאָלט זיך היינט.

פון די גוטע עסענס
אויפ׳ן טיש,
מיט דער באָבע׳ס
געפילטע פיש;
און די לאַטקעס —

פול מיט שמאַלץ,
שיינט די שכונה
אין פראַכט און גלאַנץ.

מיט אַמאָל — אַ קלאַפּ
אין טיר,
צוויי אידען שטעהען
שוין לעבען מיר,
מיט רויטע טיכלען
אין די הענט.
לאַכט דער זיידע —
ער האָט דערקענט.

געקומען אידען —
ער זאָגט — אַהער,
חנוכה געלט מאַהנען
איז זייער באַגעהר;
ר' פּנחס גבאַי,
זייוועל שמש,
טרינקען לחיים
אָהן אויפהער.

און דער זיידע
נעהמט אַרויס
געלט פון בייטעל —
גיט צו זיי;
מיט די לאָמטערנעס
אין די הענט
פאַרלאָזען די שטוב
די אידען צוויי.

דער זיידע לאַכט,
איז שטאַרק צופרידען,
באַפרידיגט האָט ער
די פּאָר אידען;
דערהויבען פיהלט זיך
יעדער — איידעל,
זיידע־באָבע
שפּילען דריידעל.

און מיר, די קינדער,
אַרום טיש,
פיהלען טעם
געשמאַק און זיס,
פּונקט ווי חלוצים
אויפ׳ן פעלד,
שפּירט זיך יעדער —
ווי אַ העלד!